# בילדער פון לעבען

— פון —

## ראָזע שעהנפעלד

פרייז $1.50

---

ניו יאָרק

1925

# אָריגינעלע סקיצען און ערצעהלונגען
# פונ'ם אידישען לעבען אין איראָפּא
# און אַמעריקא

**אַ פּאָר ווערטער צו די לעזער:**

מיט גרויס רעספּעקט און עהרען־פורכט דערלאַנג איך אייך דאָ מיין ערשטעס ווערק — בילדער פון לעבען.

מיין געבווירענע נייגונג זיך איינצוקוקען טיעף אין אַלע ווינקעלעך פונ'ם אָרימען, געפּלאָגטען לעבען פון מיינע שוועסטער און ברידער אין ביידע וועלט־טיילען, און נאָכהער אַלעס צו שילדערען מיט מיין פעדער, האָט מיר געבראַכט פיעל, זעהר פיעל שלאָפלאָזע נעכט. ווען די גאַנצע וועלט שלאָפט, זיץ איך אָפט און שילדער טרויעריגע בילדער און סצענען וואָס שפּילען זיך אָפּ אויף דער גרויסער וועלט־ביהנע פון לעבען.

איך האָב שוין אין מיין לעבען זעהר פיעל געשריבען אין לעמבערגער צייטונגען, אויך אין די אַמעריקאַנער צייטונגען, אָבער שרייבענדיג פאַר צייטונגען מוז לאַנגזאַם אָבער דייטליך דער שרייבערינ'ס „איך" אין גאַנצען פאַרלאָרען געהן. יעדע צייטונג וויל מען זאָל פאַר איהר שרייבען וואָס זי וויל און ווי זי וויל, און דאָס רואינירט דאָס אייגענע שטרעבען, דעם אייגענעם געדאַנק און דעם אייגענעם איינגעבווירענעם טאַלאַנט.

דאריבער האָב איך באשלאָסען אימער אליין ארויסצוגעבען אלע מיינע שריפטען אין ביכער, כדי איך זאָל קענען שרייבען וואָס איך דענק, וואָס איך וויל שרייבען, און ווי איך וויל שרייבען, לויט דער דיקטירונג פון מיין אייגענעם געוויסען און פון מיינע אייגענע אידעאלען.

במעט אלע ערצעהלונגען וואָס איהר וועט דאָ געפינען אין מיין ערשטען בוך, זיינען פאקטען גענומען פון לעבען. איך האָף אז איהר וועט מיר העלפען דעם בוך צו פארשפרייטען אום איך זאָל קענען ארויסגעבען אם וועניגסטען יערעס יאהר א נייעם בוך מיט נייע, פרישע נאָוועלען, סקיצען און ערצעהלונגען פון אידישען לעבען אין אייראָפא און אמעריקא.

מיט גרויס דרך ארץ אייערע,

די פארפאסערין.

# אינהאַלטס פערצייכנים.

# אינהאַלט פערצייכניס.

# דאָס האַרץ פון אַ פאָטער

אַז לייזער פלעגט דורכגעהן דעם וועג אין דאָרף, וואו ער האָט געוואוינט, האָט ער געוואוסט, אַז אַלע קוקען אויף אים מיט שפּאָט, נאָר זיי פאַרהאַלטען זיך רוהיג, ווייל זיי האָבען פשוט מורא פאַר אים. זיין גרויסע, ריזיג־שטאַרקע פיגור, זיין בלויע נאָז און זיינע רויטע, פאַרלאָפענע אויגען האָבען אויף יעדען אנגעוואָרפען אַ פּחד, און מען פלעגט אים אָפּטרעטען דעם וועג.

אמאָל פלעגט זיך ארויסכאַפּען אַ קליינער שגץ, אנלויפען אקעגען אים, מאַכען מיט זיין קליין הענטעלע אַ טרייבעל, צוטראָגען עס צום מויל און געבען אַ סמאָטשק, אַזוי ווי לייזער טרינקט פון גלעזעל... דאָס פלעגט לייזער'ן ברייגגען אין אַזאַ כעס, אַז זיינע אויגען פלעגען זיך נאָך מעהר אָנצינדען און זיין פּנים פלעגט ווערען רויט ווי אַ פייער; זיינע גרויסע הענט פלעגען זיך פאַרמאַכען אין פויסטען אנטקעגען דעם קליינעם שטיפער און עזות פּנים, ער פלעגט אָבער ניט זאָגען אַ וואָרט, בלויז פאַרקריצען די צייהן, און זיין גאַנצער קערפּער פלעגט ציטערען ווי אין פיבער פון אויפרעגונג. דער קליינער פלעגט זיך שנעל אָפּטראָגען.

לייזער פלעגט אויסמיידען די ערטער, וואו אידען האָבען געוואוינט. ער פלעגט פיעל וועג אויפלעגען און געהן מיט איין זייט דאָרף, קריכען דורך אַ פּלויט, גערטנער, אָדער אַ זומפּיג וועלדעל, אבי זיי אויסצואויייכען. ער האָט זיי שטאַרק געהאַסט, און דאָס איז ניט געווען אומזיסט: צו דעם נידריגען צושטאַנד האָבען זיי אים געבראַכט.

אמאָל איז לייזער געווען אַן ארענדאַר, א גרויסער סוחר, אַ קלוגער, אַ געלערנטער, פאַרקעהרט מיט די גרויסע פריצים, נאָר די אַנדערע אידען, זיינע שכנים, טאַקע לויטער משפחה, האָבען מיט אים אָנגעהויבען קאָנקורירען, ביז ער איז דורכגעפאַלען, וואָס אמאָל אַראָפּ און אַרויף, און ער האָט שוין ניט געקענט אָנהאַלטען די ארענדע. אַן אַנדערער האָט ארויפגעלייגט אַ גרויסע הוספה; לייזער האָט געמוזט די ארענדע אויפגעבען. די אַנדערע געשעפטען איז שוין אויך ניט געווען מיט וואָס צו פיהרען. אַזוי איז ער געוואָרען אַ יורד. פאַר גרויס קרענקונג האָט ער זיך גענומען צום ביטערען טראָפּען — צו לעשען זיינע בלוטענדע וואונדען, ביז ער איז געוואָרען דאָס, וואָס ער איז.

זומער האָט ער קיין ברירה ניט געהאַט, ניט געקענט געהן דורך די גערטנער, ווייל זיי זיינען געווען פאַרזעהט, די בייטען בעארבייט; דאָס גראָז האָט געוואַקסען געדיכט און הויך, מיט פאַרשידענע קאָלירען בלומען, ווי אַ שעהנער טערקישער טעפּיך. די סעדער זיינען געווען שטאַרק פאַרצוימט, אַז מען זאָל ניט קענען צוקומען צו די פּרות אויף די בוימער. אויף די גרינע, יונגע פלוימען־בוימלאַך זיינען געהאַנגען צווישען געדיכטע בלעטלאַך פלוימען, איבערגעצויגען מיט בלויען הויך; זיי האָבען ארויסגעקוקט געגען דער זון און גערייצט דעם אַפּעטיט פון יעדען פאַרבייגעהער. אין אַזאַ צייט האָט זיך לייזער ניט געקענט העלפען, און אַ גרויס אַפּקומעניש איז ביי אים געווען ווען ער האָט געמוזט דורכגעהן דעם דאָרף.

לייזער האָט געוואוינט אין אויבערשטען טייל פון דאָרף און די אַנדערע אידישע פאַמיליעס אין אונטערשטען. לייזער האָט געהאַט אַ פאַרהייראַטע טאָכטער, וואָס האָט אויך געוואוינט ניט ווייט פון אים. ער האָט געהאַט אַ ווייב מיט דריי נאָך ניט פאַר־זאָרגטע קינדער, איין מיידעל און צוויי אינגלאַך. זיין ווייב איז געווען פּונקט דער הפך פון אים: אַ קליינע, אַ דאַרע הוסטענדיגע

אידענע, מיט קראַנקע אויגען, נאָר אַ שטילע, גוטע נשמה. זי איז געווען אַ קליין־שטעטעלדיגען רעגירער'ס אַן איינציגע טאָכטער, און איהר פאָטער האָט דאָס פאר איהר איינגעקויפט אַ מאַן אַן עלוי, אַ גרויסען קענער אין תלמוד און אויך אין וועלט־שפּראַכען, אַ גוטען בעל חשבון. נאָר ווער קען וויסען אַ קינד'ס מזל?

די מיידעל, לייזער'ס טאָכטער, איז געווען געראָטען אין דער מוטער: אַן איידעלע און שוואַכע. פון דעסטוועגען האָט זי געמוזט זיין אַ דינסט אין דער פרעמד.

דאָס עלטערע אינגעל איז געוו'ן אַ געבוירענער קאַליקע, אַ געבראָכטער. דערפאַר איז דער אינגסטער אינגעל געווען דער שטאָלץ פון דער פאַמיליע: שעהן, קרעפטיג און קלוג, נאָר צו יונג צו קענען העלפען זיינע עלטערן אין אַ נויט.

דאָס הויז, וואו זיי האָבען געוואוינט, איז געווען אַן אמת'ע חורבה. פון גאַנצען בנין, וואו עס איז אַמאָל געווען די קרעטשמע, מיט פיעלע גרויסע צימערען, קאַמערען און אַ פאָרהויז, איז גע־בליבען נאָר די גרויסע שענק־שטוב — די איבעריגע זיינען געשטאַנען אָהן אַ דאַך און אָהן אַ סטעלע. די ווענט זיינען געבליבען ווי אַ גרויסער קאַסטען אָהן אַ דעק. בלויז אין די קאַמערען איז נאָך געווען צו דערקענען שפּורען פון אַמאָליגער באַלעבאַטעשקייט: גרויסע קאַסטענס און פעסער, און שאַפעס, פול מיט אויסגענוצטע חפצים.

אין דער שטוב, וואו לייזער מיט דער פאַמיליע האָבען גע־וואוינט, זיינען די פענסטער געווען צובראָכען, — שטיקלאַך שויבען, ברעטלאַך און שמאַטעס — אַ שוץ פון שנעע און רעגען. ווען עס האָט גערעגענט, זיינען אַלע כלים פון שטוב געווען צו־שטעלט כדי זיי זאָלען ניט נאַס ווערען.

דאָס מעבעל פון הויז איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגען ווייסען טיש, וואָס האָט געסקריפּעט, ווען מען האָט אים אָנגעריהרט, אַן

אַלט, ניט געפאַרבט צובראָכען בעט, מיט בלויז אונטערשטע פיס — אויפ'ן פּלאַץ פון די פאָדערשטע זיינען געשטאַנען צוויי קליינע בענקלאַך, צוגעבונדען מיט שטריק. אין בעט זיינען געלעגען אַ פּאָר קליינע, דאַרע קישעלאַך מיט צוריסענע ציכען, פאַרדעקט מיט אַ ווייסער דעק מיט לויטער לאַטקעלאַך און צוריפּקעלאַך. ס'האָט זיך נאָך געפונען אַ באַנקבעטעל מיט אַ האַלבען צודעק — די אַנדערע העלפט האָט מען פאַרברענט אין אַ גרויסען פראָסט; אַ וויים, הילצערן שעפעל אויף דריי פיס, וואָס רופט זיך „לישיף," און האָט אַ פּנים, ווי אַ הויקער, מיט לאַנגע, דאַרע פיס, מיט אַ קורצען קערפּער. אין דעם שעפעל האָט מען געוואַשען דאָס געשיר, און ווייל פאַר אַלטקייט האָט דאָס שעפעל גערונען פון אַלע זייטען, איז דער ווינקעל פון שטוב תמיד נאַס געווען. פון אַ שראַנק, וואָס האָט גערענקט בעסערע צייטען, האָבען איצט ארויסגעקוקט אַ פּאָר סדורים'לאַך, אַ פּאָר צוריסענע ספרים, תפלין און אַ קליין תפלין־זעקעלע. די שאַפע איז געשטאַנען קרום, ווייל פון איין זייט האָבען די פיס געפעהלט, און מיט דער העכערער זייט האָט זי אונטער־געשפּאַרט די סטעלע. נעבען אויווען איז געשטאַנען אַ לאַנגע באַנק אָהן פיס, אונטערשטיצט מיט קלעצלאַך.

ווינטער פלעגען זיך אַלע שטופּען צו דער הרובע זיך צו דערוואַרעמען. דעם אויווען פלעגט מען דאַרפען יעדען טאָג פאַר־קלעפּען מיט בלאָטע, ווייל ער האָט שטאַרק גערויכערט. דער רויך פלעגט געהן ביז צו דער סטעלע, גערויכט און שטיקענדיג. צוליב דעם פלעגט די אַלטע שטאַרק הוסטען און זעהר ליידען אויף די אויגען. זי פלעגט סאָפּען, קרעכצען, נאָר גאַרניט זאָגען און האָפען . . . איהר גאַנצע האָפענונג האָט זי געלעגט אין איהר אינגסטען זוהן: אין אים האָט זי געזעהן דעם מלאך הגואל פון דער גאַנצער פאַמיליע.

זומער פלעגט די אַלטע ארויסגעהן פון שטוב און קוקען ווי דאָס אמאָליגע איינפאָהר־הויז דינט פאַר אַ דורכגאַנג פאַר די

וואַסערטרעגער, וואָס האָבען זיך געוואָלט איינברעננגען אַ שטיקעל וועג צום קוואַל אונטער דער חורבה. פון דעם קוואַל האָט זיך געצויגען אַ פּאַסיקעל מיט ריין קרישטאָל־וואַסער. פלעגט שייעלע, דער מוזיניקעל, פּאַרקאַטשען די הויזקעס און דורכגעהן פון אויבען אַראָפּ, ביז עס פלעגט אים קאָלט ווערען אין די פיס, דאַן פלעגט ער מיט אַ שטעקען אין האַנט דורכמאַרשירען צווישען די סטאַדעס געגנזלאַך, וואָס ער פלעגט פאַשען זומער פאַר צעהן קאָפּיקעס. דער פאַרדינסט פלעגט ער אָפּגעבען דער מאַמען.

פון דעסטוועגען האָט לייזער נאָך פאַרמאָגט אַ פּאָר שטיקלאַך פעלד, נאָר זיי פלעגען פוסטעווען, ווייל עס איז ניט געווען מיט וואָס זיי צו בעאַרבייטען, סיידען אמאָל אַ שטיקעל פעלד בחברותא מיט אַ שכן אַ גוי, וואָס פלעגט זעצען אַביסעל קאַרטאָפעל, דאָס פלעגט אָבער אויך קיינמאָל ניט געראַטען, און מיט די דראָבנע קאַרטאָפעלאַך פלעגען זיי אָפּקומען אַ צייט. און אַז אויך דער מאכל האָט אויסגעפעהלט, איז אַוועק ניט איין טאָג, ווען עס איז ניט געווען וואָס צו עסען, מען האָט פשוט אונטערגעהונגערט.

לייזער האָט געהאַט אַ שוועסטער אַן ארענדאַרקע אין אַן אַנדערען דאָרף. צו דער שוועסטער פלעגט ער אַוועקגעהן מיטוואָך און ברענגען אויף שבת אַ גרויס שוואַרץ קאָרן־ברויט, אַ קוואָרט רויטע בעבלאַך, אַ פּאָר ליכט, אַ פלעשעלע שנאַפּס און אַ פּאָר קאָפּיקעס. דאָס איז געווען דער שבת.

דאָך האָט זיך לייזער קיינמאָל ניט באַקלאָגט. ער פלעגט נאָר אַרומגעהן אַ בייזער, אַ פאַרדאָסיגער, און אליין ניט געוואוסט, צו וועמען ער זאָל זיין כעס אויסלאָזען. מען האָט צו אים ניט געטאָרט רעדען. נאָר אמאָל, אַז דער הונגער פלעגט זעהר צודריקען, פלעגט זיין ווייב זאָגען:

— ביי לייטען געהט אַזאַ געזונטער מאַן ארבייטען און פאַר־ דינט כאָטש אויף אַ שטיקעל ברויט.

פלעגט ער איהר אָנשילטען מיט פינסטערע קללות און נאָך דערלעגען אַ פּאָר קלעפּ, האָט זי געמוזט ליידען און שווייגען.

אַזוי ווי מאַן און ווייב האָבען צווישען זיך קיינמאָל ניט גערעדט, סיידען געקריגט זיך, אַזוי פלעגען אַוועק טעג נאכאנאנד, און ביידע האָבען געשוויגען. מיט די קינדער האָט ער אויך ניט גערעדט. ער האָט געוואוסט, אַז זיי האָבען אים ניט ליב.

דאַווענען פלעגט ער ביחידות, אפילו שבת און יום טוב. זיין איינציגער טרייסט איז געווען, ווען ער האָט געהאַט אַ ביסעל פון ביטערען טראָפּען: דאמאלס האָט ער אָן אַלעמען פארגעסען.

ענדליך האָט גאָט געהאָלפען: דער קליינער שייעלע איז אונטערגעוואַקסען, האָט מען פארזעצט צוויי שטיקלאַך פעלד ביי אַ גוי און מען האָט געקויפט צוויי אַלטע קליאַטשעס. שייעלע איז מיט מזל אַ בעל עגלה געוואָרען. די לאַגע אין הויז האָט זיך אַ ביסעל פארבעסערט. מען האָט שוין געקויפט פלייש מיט חלה אויף שבת. מען האָט שוין בעאַרבייט די פּאָר שטיקלאַך פעלד. שייעלע האָט געקויפט געהילץ, אויסגעלעגט עס פאַר די פענסטער צו פארריכטען די צובראָכענע שטוב. פון דעסטוועגען האָבען פאָטער און זוהן קיינמאָל ניט גערעדט. שייעלע האָט דעם פאָטער פיינט געהאַט, ווייל ער האָט די מאַמע שלעכט באַהאַנדעלט.

פּלוצלונג, ווי אַ דונער אין אַ שעהנעם העלען טאָג, איז גע־קומען אַ נייער אומגליק אויף לייזער׳ס פאַמיליע, און זיי האָבען ווידער אָנגעהויבען צו ליידען די זעלבע נויט נאָך מיט יסורים דערצו: מען האָט שייעלען, דעם פארזאָרגער, דעם ברויט געבער, אוועקגענומען פאַר אַ סאָלדאַט. מען האָט געמוזט פארקויפען די פערד. דער וואָגען איז געבליבען שטעהן פאַר׳ן הויז אונטערן פרייען הימעל, פוילען פון שנעע און רעגען.

ביי דער מוטער איז דער וואָגען געוואָרען, ווי אַ הייליגטום, ווי אַ מצבה אויף אַ צדיק׳ס קבר. זי פלעגט אָפּזיצען אויף דעם

וואָגען שטונדען־לאַנג, פאַרזונקען אין געדאַנקען וועגען איהר ליבלינג, איר שייעלע.

נאָך איין יאהר איבערבידעווען און שייעלע וועט זיין צוריק אין דער היים. ער וועט האָבען אָפּגעדינט דריי יאהר אין דער מיליטער, דריי לאַנגע יאהר, אַן אייביגקייט פאַר דער מאַמען. זי האָט שוין גאַר ניט געדענקט די צייט, ווען ער איז אַוועק, עס האָט אויסגעזעהן, ווי צוואַנציג יאהר. און ווי אזוי לעבט מען איבער נאָך אַ גאַנץ יאהר? ווי שעהן ער זעהט אויס אין די סאָלדאַטסקע קליידער, זיי פּאַסען אים. די שונאים איהרע האָבען איהר גארניט פארגונען, אַז זיי האָבען אים געזעהן, ווען ער איז געקומען אויף אַ פּאָר טעג אויף אורלויב.

— ער איז טאַקע דער שענסטער בחור ביי אונז אין דאָרף, — האָט זי געשעפּטשעט שטיל צו זיך: — אַז ער וועט קומען גע־זונטערהייד פון מיליטער, וועט ער אויסבויען אַ שעהן הויז אויף דעם פּלאַץ, וואו עס שטעהט די חורבה. פּאַר אונז איז גענוג אַ קליין שטיבעלע. ער וועט התונה האָבען, נעמען אַ ווייב מיט אַ פּאָר הונדערט רובעל, און דאַן וועלען מיר זיך, מיט גאָט'ס הילף, נעמען צו אונזערע שונאים, אָפּנעמען צוריק די חזקה. דער עסק באַלאַנגט צו אונז, צו מיין קינד. ער וועט זיין, מיט גאָט'ס הילף, דער ארענדאַר פון דאָרף . . . וואָס זיין פּאָטער האָט ניט געקענט דורכפיהרען, וועט מיין זוהן יא דערגרייכען. ער וועט מיט זיי לערנען בלק. ווי שעהן דאָס וועט זיין! האַ־האַ־האַ! וועט דאָס די מאַמע דערלעבען צו זעהן? — און דערביי האָט זי שווער אָפּגעזיפצט און גרויסע טראָפּענס טרערען האָבען זיך געקייקעלט איבער איהרע בלייכע איינגעפאַלענע באַקען.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, איז אריינגעגאַנגען אין שטוב און דערזעהן ווי לייזער האַלט אַ בריף און לייענט. זי האָט אָנגעהויבען ציטערען און פּלאַטערען פּאַר שרעק און קוים ארויסגערעדט:

— פון שייעלע'ן?

— פון שייעלע'ן. — האָט לייזער אויף זיין געוועהנליכען, שטייגער א בורטשע געטאָן

— וואָס שרייבט ער?

— נא לייען, וועסטו וויסען.

זי האָט גענומען דעם בריף מיט ציטערדיגע הענט און גע־לייענט: שייעלע בעט, אז מען וויל אים זעהן, זאָל מען צו אים קומען, ווייל אין א פאָר טעג שפּעטער מארשירט אָפּ זיין רעגימענט צו דער עסטרייכישער גרענעץ — עס האנדעלט זיך וועגען מלחמה...

זי איז געפאלען אין חלשות. עס האָט גענומען א לאנגע צייט, ביז מען האָט זי אָפּגעמינטערט. דאַן ערשט האָט זי אָנגעהויבען היסטעריש שרייען:

— מיין שייעלע! מיין קינד! מיין זוהן! זיי ווילען דיך רויבען ביי מיר! ניין, גאָט קען מיך אזוי שווער ניט שטראפען און צונעמען דאָס איינציגע, וואָס איך פארמאָג! . . .

לייזער איז געשטאנען ווי פארטראכט. מען האָט געקענט מיינען, אז דער גאנצער עסק געהט אים ניט אָן. ער האָט ניט געשריען, ניט גערעדט, קיין וואָרט ניט געזאָגט.

די אלטע מאמע האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען און צו ליארמען, אז זי מוז לויפען, כאָטש זעהן איהר קינד, איהר טרייסט, נאָר פון גרויס זאָרג איז זי קראנק געוואָרען און זיך ניט געקענט רירען פון בעט. די טאָכטער איז געשטאנען נעבען איהר מיט א פארביטערט הארץ און גאָר ניט געקענט העלפען. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל פאָהרען זעהן שייעלע'ן אפשר דאָס לעצטע מאָל.

לייזער האָט זיך שטיל ארויסגערוקט פון שטוב. קיינער האָט ניט געזעהן, וואו ער איז אהינגעקומען און עס האָט אויך קיינעם ניט געאַרט צו וויסען וואו ער איז. מען האָט געדענקט, אז ער איז אודאי ביי זיין שוועסטער. עס איז אוועק א טאָג און צוויי און ער איז ניט געקומען, נאָר מען האָט זיך דערפון ניט שטאַרק מצער געווען.

---

שייעלע האָט אויסגעקוקט, מען זאָל צו אים קומען. ער האָט ערוואַרט די מוטער, די שוועסטער, אָט איז שוין געקומען דער טאָג פון אָפּמאַרשירען, און קיינער פון זיין פאַמיליע איז ניט געקומען. נאָך א פּאָר שטונדען און זיי וועלען אים אפשר שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן. ער איז געווען שטאַרק באַטריבט און עס האָט אים פאַרדאָסען, וואָס מען קימערט זיך ניט וועגען אים. זאָל כאָטש די שוועסטער קומען... דער פאָטער איז אים ניט איינגעפאַלען, גאָר ניט אויפ'ן געדאַנקען געקומען. ער האָט געקענט זיין פאָטער'ס כאַראַקטער, ווי קאַלט ער איז תמיד געווען צו אים. דערפאַר האָט ער טאַקע ניט זעהר געבענקט נאָך אים. די מוטער האָט ער אָבער זעהר געגאַרט צו זעהן, און ער האָט געפיהלט, אַז עס איז ניט אומזיסט, וואָס זי קומט ניט. זי וואָלט זיך אויס־געבעטעלט און געקומען צו איהר ליבלינג, צו איהר שייעלע'ן, און דאָס האָט אים שטאַרק געשראָקען.

— ווער ווייסט, אפשר איז זי קראַנק, אָדער אפשר איז זי חלילה... — טרערען האָבען זיך ביי אים געוויזען אין די אויגען ביי דעם געדאַנק, ווי עלענד ער איז! צו זיינע חברים זיינען געקומען נאָהענטע, פריינט, נאָר צו אים... ווי ער וואָלט געווען פון א שטיין... פאַרטיפט אין אזעלכע געדאַנקען, האָט ער ניט באַמערקט ווי איינער פון זיינע קאַמעראַדען איז צו אים צוגעקומען. ווי פון שלאָף האָט ער ערוואַכט, ווען ער האָט דערהערט, ווען יענער האָט אויסגערופען:

— גראמאן, דו האסט א גאסט!

און ער האט דערזעהן דעם פאטער שטעהן ניט ווייט פון זיך. פון גרויס איבערראשונג האט ער ניט פארשטאנען, צי ער זעהט עס ריכטיג, צי עס איז א חלום.

— דו האסט זיך אויף מיר ניט געריכט, שייעלע? — האט דער פאטער דער ערשטער זיך אפגערופען.

— טאקע ניט. ווי קומט עס, וואס דו ביזט געקומען? וואו איז די מאמע?

— די מאמע איז ניט געזונט.

— איך האב עס פארשטאנען. ניט אומזיסט קומט זי ניט.

— ווען מארשירט איהר אפ? — האט דער פאטער געפרעגט, און זיין קול האט געציטערט.

— טאקע באלד. גוט וואס כאטש דו ביזט געקומען. די מאמע איז קראנק, הא? דורך מיר אודאי? נו, וואס קען מען העלפען, גזרת־המלכות... נו, זיי געזונט, טאטע! גריס דער מאמען, זאג איהר, זי זאל ניט וויינען. איך וועל מיט גאט'ס הילף צוריק־קומען...

און טאטע און זוהן האבען צום ערשטען מאל אין לעבען זיך געגעבען די הענט און געפיהלט, וואס איינער איז פאר'ן אנדערען... רעדען האבען זיי ביידע ניט געקענט, נאר אין זייערע אויגען האבען זיך באוויזען טרערען. זייערע שטימען זיינען געווארען פארשטיקט, דער אטעם פארכאפט. ביידע זיינען א פאר מינוט געשטאנען מיט אראפגעלאזטע קעפ.

דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען האט לייזער געוויינט. ער האט געוואלט פארשטיקען די טרערען, נאר ער האט ניט געקענט. ערשט איצט האט ער דערפיהלט, אז שייעלע איז זיין קינד... איצט, ווען ער ווערט פון אים אפגעריסען, אפשר אויף אייביג.

# אַ מאַמע טאָר ניט

מאַלי בלאָנזשעט ארום אין גאַס איינע אליין. זי בלאָנזשעט און זוכט עפּעס מיט איהרע בליקען. זוכט עפּעס, זוכט עמיצען, זי ווייסט אליין ניט, וועמען און וואָס.

עפּעס פעהלט איהר, עס בענקט זיך, עס נאָגט ביים הארצען, ווי אַ וואָרעם וואָלט זיך ארומגעוויקעלט ארום הארץ און גענאָגט, געטשאָטשעט.

— אך גאָט! — שעפּטשעט זי ארויס שטיל, — פאַרוואָס בין איך אזוי עלענד? אזוי פיעל מענשען... און דאָך בין איך איינע אליין . . .

אָט זעהט זי ווי אַ מאַן מיט זיין פרוי געהען געארעמט, זיינען אזוי ליבליך צווישען זיך, רעדען אזוי פארטרויליך און קוקען זיך אין די אויגען אריין מיט ליבע. און זי?

ווער פארשטעהט זי? ווער וויל זי קענען? איהר לעבען איז אזוי טרויעריג... עס געהען מענשען הין און צוריק און קיינער נעמט קיין אינטערעס אין איהרע ליידען, קיינער באמערקט זי ניט. וועמען ארט עס, אז עס בלאָנזשעט ארום אַ באטריבטע, אַן עלענדע פרוי? דאָס הארץ דריקט ביז צום פּלאצען, עס גלוסט זיך איהר וויינען, אוי, וויינען, וויינען, אָבער פאר וועמען? גלאט אזוי וויינען, וועט מען דאָך דענקען, אז זי איז אַ משוגענע... אוי, וואו נעמט מען אַ גוטען פריינד, דאָס הארץ אויסצואוויינען, אויסצו־רעדען, אפשר וואָלט אביסעל לייכטער געוואָרען די צרות אריבער־צוטראָגען...

זי קומט אהיים, טרעפט איהר דער מאַן, אַ אַנגעבלאָזענער, אַן אַנגעכמורעטער, קוקט אפילו ניט אויף איהר. ער געהט אריין אין דיינינג־רום, לעגט זיך אוועק אויפ׳ן דיוואַן און שלאָפט איין... זי זאָגט גאָר ניט, זיפצט זיך אָפּ און נעמט זיך צו דער ארבייט.

די קינדער זיינען ניטאָ אין הויז, איבערגעלאָזט די מאַמע מיט׳ן פּאַפּאַ. אָבער דער פּאַפּא שלאָפט. ער עסט אָפּ, שלאָפט ער שוין. אמאָל נעמט ער אַ צייטונג אין האַנד פאַר אַן ערות, און שלאָפט באַלד איין.

זי קוקט אויף אים. קיין שונא איז זי אים ניט, זי ווינשט אים קיין שלעכטס ניט. זי שעלט אים... ווער איז שולדיג? ער האָט זיינס אָפּגעלעבט, מיטגעמאַכט, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, געלעבט און געלומפּט, חתונה געהאַט נאָך דרייסיג יאהר, געווען מיד פון לומפּען, פון לעבען, יעצט וויל ער נאָר ליגען און אויס־רוהען זיינע מידע ביינער...

אָבער זי? אַ סך יינגער פון אים, כמעט גאָר ניט געלעבט, יונג, כמעט אַ קינד חתונה געהאַט. יעצט וואָלט זי וועלען לעבען, געהן מיט׳ן מאַן ווי אַנדערע פּאָרלאַך, געהן פּאַרברייננגען אין טעאַטער, בעלער, צווישען געזעלשאַפט. זאָגט ער, אַז דאָס האָט נאָר קיין ווערטה ניט, מען דאַרף אין ערגעץ ניט געהן, און קיינער זאָל צו אים ניט קומען, ווייל דאָס שטערט אים נאָר זיין רוהה...

אזוי לעבט ער זיך מאָנאָטאָן: פון בעט אין שאַפּ, פון שאַפּ צום טיש עסען, פון עסען ווידער אין בעט און ווידער שלאָפען...

און זי? אַז עס ווערט איהר איבערדריסיג, געהט זי ארונטער אין סטריט און בלאָנזשעט, בלאָנזשעט מיט מוטנע געדאַנקען פאַר־שידענע, וועלכע דרעהען זיך ארום אין איהר מוח. זי זוכט אַן עצה, קלערט, קלערט, און קומט צו אַ באַשלוס, אַז זי איז אַ פאַרלוירענע...

צוליב איהרע קינדער טאָר זי ניט קוקען אויף איהר אייגען לעבען, איהר אייגען גליק... זי דארף לעבען צוליב איהרע קינדער, זיי האָבען זיך צו איהר ניט געבעטען... אזוינע שעהנע, ליבע קינדער, זי מוז זיך אָפּפּערען צוליב זיי, איהרע טייערינקע שעפּעלאך. און עס ווערט איהר א ביסעל ווארימער ביים הארצען, אז זי דערמאָנט זיך אָן זיי. ניין, — באשליסט זי — זי וועט אזוי ניט האנדלען, זי וועט איהר ליליטשקען ניט חתונה מאכען אזוי יונג מיט אן אלטען בחור. ניין, מען לאָזט עס נעבעך ניט לעבען, מען נעמט א יונג בוימעלע, וואָס פאנגט ערשט אָן צו בליהען, מען האקט ארונטער די צווייגעלאך און עס קען זיך מעהר ניט ענטוויקלען. ניין, זי וועט ניט לאָזען טאָן, ווי מען האָט מיט איהר געטאָן.

כמעט נאָך א קינד, און ער?... ניין, ווי שלעכט עס איז אזוי צו האנדלען, זי וואָלט עס ניט דערלאָזען, אז איהר קינד, איהר ליליטשקע, זאָל דארפען ליידען, ווי זי ליידעט. ניין, אן אלטער „בעטשעלאָר“ דארף ניט חתונה האָבען מיט א יונג קינד. אז ער נעמט ניט זיין גלייכען, זאָל ער בעסער אויסלעבען זיינע יאהרען אליין אין פרידען. ער האָט ניט קיין רעכט אונגליקלאך צו מאכען א יונגע מיידעל, וואָס פאנגט ערשט אָן צו לעבען. אין דער צייט, וואָס ער איז שוין א ליידיגע כלי... אן אויסגעבלאָזען איי... קוקט אויף אלעם מיט א ישוב הדעת, קומט צום שכל, אָבער צו שפּעט...

א מאן מעג עלטער זיין פון דער פרוי מיט א פּאָר יאהר, אָבער ניט צו פיעל, ניט ווי איהרער, מיט פופצעהן יאהר עלטער. דאס איז אן אונזין, א פארברעכען געגען זיך און געגען דער נאטור. זי איז יונג, איהר ווילט זיך לעבען און געניסען, איז ער אָבער אן אָפּגעשלאָגענע הושענה...

אזוינע און ענליכע געדאנקען דרעהען זיך ביי איהר אין מוח און פּלוצלונג... פּלוצלונג ווי א זון וואָלט אויפגעשיינט אין מיטען נאכט, איז געקומען אן ערלייכטערונג פאר דער געפּייניגטער פרוי,

אָבער נאָר אויף א קורצער ווײלע, און האָט איהר פארשאפט נאָך מעהר לײדען.

איהר מאנ'ס א קאָזין, א יונגענד־פרײנד, איז געקומען זוכען גליקען אין אמעריקא. זוכט ער נאָך... אָבער אין אײן זאך האָט ער יא גליק, און דאָס איז צו פרויען. זײנע שווארצע ברענענדיגע אויגען זײנען ווי א מין כשוף, א מאגנעט ליגט אין זיי, וואָס ציהט צו זיך און רײסט מיט פיבער יעדע פרוי, וועלכע קומט מיט אים אין בארירונג. ער איז שעהן, ספּאָרטיש, פארשטעהט מיט וועלכע מיטלען צו פאנגען, איבערהויפּט די אונערפארענע...

מאלי איז פון אים באלד געפאנגען געוואָרען. זי האָט אים געוואָלט אויסמײדען, אָבער ער איז געווען א מבין אויף איהר צוזאמענלעבען מיט'ן מאן, און האָט געזוכט אויסצונוצען זײן גאנצע קראפט, אום זי צו פאנגען.

ער איז בײ זיי געוואָרען אן אײגענער אין הויז, געגעסען, געטרונקען פון שענסטען און בעסטען. און מאלי'ס מאן האָט גאָרניט געהאט דאגעגען, געוואָלט זײן קאָזין העלפען מיט וואס נאָר מעגליך אין דער שלעכטער לאגע. יענער האָט אים פארשטאנען צו נארען, און א מאָל מאלי'ן זאָגען מוסר פאר דעם מאן אין די אויגען, און זאָגען אז ער איז גערעכט...

אָבער מאלי איז אויף אים ניט בײז געווען. זי האָט פאר־שטאנען, אז ער מײנט עס ניט ערנסט. ער פלעגט זי אויסנעמען, א מאָל אין טעאטער, א מאָל צו א קאָנצערט, א מאָל אזוי גלאַט זיך בײ־נאכט דורכגעהן און ארײנגעהן אין אן אײז־קרים פארלאָר און מיט איהר פארברענגען. ער פלעגט זיך אויסדריקען:

— ליבע קוזינע, איהר ווייסט גאָר ניט ווי גליקלאך איך בין מיט אײך צו פארברענגען. עפּעס איז מיר אזוי גוט, אזוי אנגענעם — און זײנע אויגען האָבען געפינקעלט, אז די אָרעמע מאלי האָט

געמוזט ארונטערלאָזען די אויגען, ניט קענענדיג אויסהאַלטען זיין בליק. אָבער זיינע ליבליכע ווערטער האָבען איהר געשמעקט. און זי האָט זיך געשעמט צוצוגעבען, דאָס אויך זי פיהלט אנגענעם צו פאַרברענגען מיט אים און געשוואומען ווי א פיש אין וואסער, געשעפּט פאַרגעניגען פון די „פלעזשור“ וואָס דער קאָזין האָט איהר פאַרשאַפט. זי האָט אויפגעהערט צו ליידען, זי האָט אויפ־געבליהט צוריק, ווי א יונגע בלום. דער מאַן האָט ניט געהאַט דאַגעגען — אז ער געהט ניט מיט איהר, זאָל אַן אַנדערער געהן. נאָך אַלעמען, איז זי יונג און וויל לעבען, און ער? ער האָט קיין השק דערצו, זאָל זי געהן און לעבען, אז עס גלוסט זיך איהר; זי וועט עלטער ווערען, וועט זי איינזעהן, אז דאָס איז גאָרנישט מיט גאָרנישט...

דאָס האָט ער יא באַמערקט, ווי זי האָט זיך „געפּיקסט“ און קיין סמן פון יענע טריבע מינע פון אמאָל. ער איז ניט געווען דאַגעגען, ער האָט געהאַט צוטרויען צו איהר, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך פאַר׳גנב׳עט דער בייזער גייסט פון אייפערזוכט און אים געגריזשעט, געטאָטשעט, און ער איז נאָך שטילער געוואָרען, און נאָך מעהר אָנגעבלאָזען. אזוי א־ז אוועק א שטיקעל צייט. און די צייט האָט זיך געטאָן איהר ארבייט, געוויקעלט, געצויגען פעדעם לאַנגזאַם. פּאַמעלאַך זיינען זיי געוואָרען צוזאמענגעבונדען מיט די דינינקע אונזיכטבארע פעדעמלאַך, וואָס מען דאַרף זיין א העלד, זיי צו קענען צורייסען..

עס איז געקומען אזוי ווייט, דאָס איינער אָהן דעם אנדערען האָט ניט געקענט לעבען א טאָג ניט צו זעהן זיך. עס איז ביי זיי געוואָרען א מין נויטווענדיגקייט זיך צו זעהן און פאַרברענגען צוזאמען. אָבער ער האָט זי רעספּעקטירט...

— עפּעס איז זי ניט ווי אנדערע פרויען, וועלכע איך האָב באַגעגענט אין מיין לעבען. — פלעגט ער קלערען. — עפּעס ווי

א גנעטין שטעהט זי פאַר מיר אונערדרייכבאַר. עפּעס אַזא שטאָלץ פון זעלבסטווירדע, אַז ניט ווילענדיג מוז ער איהר רעספּעקטירען.

אין אָנפאנג האָט זי עס ניט באַגריפען. אָבער אַז זי האָט דערזעהן, אַז די פריינדשאַפט צווישען זיי האָט אנגענומען אַן אַנדערען כאַראַקטער, אַן ערנסטען כאַראַקטער פון ליבע, האָט זי זיך דערשראָקען. ווען זי האָט זיך איבערציינגט, אַז עס ציהט זי צו אים, האָט זי אים געוואָלט אויסמיידען און ניט געוואָלט מעהר מיט אים אין ערגעץ אויסגעהן. איז ער אָבער דוקא געקומען. זי האָט געציטערט. — וואָס וועט זיין דער סוף? — האָט זי זיך געפרעגט, — ווי דרעהט מען זיך ארויס? — אָבער ער האָט זי פאַרשטאַנען און דאַריבער זי רעספּעקטירט, אַז זי זאָל פאַר אים קיין מורא ניט האָבען.

אָבער יעדע זאַך האָט זיך איהר ענדע. איינמאָל, טרעפענדיג זי גאַנץ אַליין אין הויז, האָט אים ארומגעכאַפּט דער העכסטער עקסטאַז פון ליידענשאַפט. ער איז צו איהר צוגעגאַנגען, זי ארומגענומען, און זי צוגעדריקט שטאַרק צו זיין ברוסט, און מיט ברענענדע ליפּען זי געקושט, און קוים ווי אַ הויך ארויסגערעדט:

— מאלי, טייערע קוזינע מיינע, זיי מיינע, איך שטאַרב, איך ליב דיך, דו האָסט מיך משוגע געמאַכט, איך עס ניט, איך שלאָף ניט, איך וועל עס ניט אויסהאַלטען...

אין אנפאנג איז זי געוואָרען איבערראַשט, אָבער באַלד איז אויך צו איהר איבערגעגאַנגען דער געפיהל און זי האָט זיך צו אים צוגעטוליעט, צו זיין ברוסט, און ווי אין אָהנמאַכט האָט ער זי ארומגענומען און זי איז אין גאַנצען געווען אין זיין מאַכט, זי האָט צוגעמאַכט די אויגען פון זעליגקייט... אָבער נאָר אויף איין רגע. אין ד ע ר רגע האָט זי דורכגעלעבט אַ גאַנצע וועלט מיט עמפּפינדדונגען... אין איהר גאַנץ לעבען האָט זי עס ניט געפיהלט. איהר מאַן איז ניט געווען אימשטאַנדע זי צו ברענגען אין אַזא

עקסטאַז... אָבער נאָר איין רגע, דען אין דעמזועלבען מאָמענט האָט זיך צו איהר צוריקגעקערט דאָס באוואוסטזיין, און פּלוצלונג האָט זי שטיל, מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע ארויסגעמורמעלט:

— ניין, איך טאָר ניט, איך בין אַ מאַמע פון קינדער... — און לאַנגזאַם האָט זי זיך באַפרייט פון זיינע הענט, פון זיין אומ־ארמונג. ער האָט נאָך אַ מאָל אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס זי ארומצונעמען און מיט אַ קול פון געבעט ארויסגעקרעכצט:

— מאַלי!...

— ניין, ניין, איך קען ניט, איך טאָר ניט, איך וועל ניט ווערטה זיין דעם נאָמען מאַמע...

און ווי אַ פאַר'חלש'טע איז זי אוועק אין אַן אַנדער צימער און זיך דאָרט פאַרמאַכט.

ער איז געבליבען זיצען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, בלאַס, און פון צייט צו צייט געגעבען אַ ציטער...

דעם אַנדערען טאָג איז געקומען אַ טעלעגראַם, אַז ער איז אוועק ווייט, ווייט אין דער סויט.

# דער פּרייז

שטיל און אָהן באַגלייטער, איז צוגעפאָהרען אַ טויטענוואָגען אויף דער סעמעטערי פון „חסד של אמת“ און באַלד איז נאָכגעקומען אַ קערידזש מיט דריי פּערזאָן.

דאָס היילינגע שטיקעל ערד, איבערהויפּט די ערד פון „חסד של אמת“ אנטהאלט אין זיך פיעל, פיעל סודות. דאָ ווערען באערדיגט די יעניגע וואָס זיינען זעהר אונגליקלאך, זעהען קיין וועג צו הילף פאַר זיך, און מאַכען אַ סוף צו זייערע צרות — דורך זעלבסטמאָרד.

אויך יעצט האָט די ערד פון „חסד של אמת“ אַ פרישען סוד באַגראָבען... און באדעקט מיט דעם פריש געגראָבענעם צודעק, דעם אייביגען צודעק, פון דער מוטער ערד, דערלייזערין פון אַלע צרות און יסורים.

דריי פּערזאָן — צוויי מענער און איין פרוי — זיינען צוגעפאָהרען און ארויס פון קערידזש. זיי זיינען ניט געווען קיין אידען, און דאָך זיינען זיי אהער געקומען אָפּגעבען די לעצטע עהרע דעם פרישען קרבן פון אונפאָרזיכטיגקייט פון דער בלינדער, נארישער יוגענד.

מען האָט געקענט זעהן דאָס די דריי איטאַליענער פיהלען דעם בראָך פון דעם קרבן. טיף געבויגען זיינען זיי צוגעקומען צום פריש געגראָבענעם קבר, וואו מען האָט אַרונטערגעלאָזען דעם ארון מיט אַ יונגער בליהענדער בלום, ערשט פון יונגען לעבענסבוים אָפּגעריסען...

— ראָזעלע! מאַי ראָזעלע! — האָט דער יונגער איטאַליענער געקלאָגט און מיט אַ טיכעל געווישט די טרערען. דער אַלטער איטאַליענער האָט גאָר ניט גערעדט, נאָר מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ און מיט שטאַרע אויגען, פול מיט שמערץ, געקוקט ווי עס ווערט ארויפגעשאָטען אַ פריש בערגעל ערד. די אַלטע פרוי האָט שטיל געכליפּעט און אננעמענדיג אָהן ווערטער דעם געבראָכענעם זוהן ביי דער האנד, אים אוועקגעשלעפּט פון קבר.

— קום זוהן מיינער! — האָט זי אין איהר איטאַליענישען לשון מיט וועהטאג ארויסגערעדט:

— דאָס איז דער פּרייז פאַר דער אונבעזאָנענהייט פון דער בלינדער יוגענד — יאַ, יאַ, מיין זוהן, אַ שווערען פּרייז האָסטו באצאהלט... און אַלע דריי האָבען זיך ארייגעזעצט אין קערידזש און איבערלאָזענדיג די ליבע, שעהנע ראָזעלע, זייער ראָזעלע, זייער בלוט און פלייש, די צאַרטע פלאַנץ פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג באגראָבען אויף אַ אידישען בית עולם. דאָס איז אָבער געווען — איהר וואונש, ראָזעלע׳ס וואונש. זי האָט עס געפאָדערט אין אַ בריף, איהר רוהע פּלאַץ זאָל זיין צווישען אידען, ווייל איהר מאַמע איז אַ אידישע געווען, ווייל איהר מאַמע האָט איהר אַ אידישע ערציהונג געגעבען, און ראָזעלע איז געווען אַ אידיש קינד מיט אַלע חושים פון איהר הארץ און נשמה. זי האָט געליבט דאָס אידישע פאָלק, דער מוטער׳ס פאָלק. אָבער דאָס פאָלק פון איהר פאָטער האָט זי פיינט געהאַט, געהאַסט און פאראַכטעט. זי האָט ניט געוואָלט זיי קענען און ניט וויסען פון זיי, כאָטש דער איטאַליענישער פאָטער האָט מיט זיי געלעבט און איז ניט שלעכט געווען צו זיי. עס האָט זיי גאָר ניט געפעלט, אָבער אַן איטאַליענער איז ער געבליבען און מיט זיין גאַנצען הארצען פאַרטיידיגט זיין רעליגיאָן און אָפּשטאַמונג.

געהאַסט האָט די מיידעל, איהר פאָטער, דערפאַר ווייל ער

האָט איהר מוטער אָפּגענאַרט, איהר פאַרשפּראָכען צו ווערען אַ איד און דאַן זיך אויסגעלאַכט...

די מוטער האָט דאַדורך פאַרלאָרען איהר פאַמיליע, איהר אַלטער חסידישער פאָטער האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטען, אַ האַלב יאהר נאָך דער טאָכטער'ס פאַראייניגונג מיט דעם איטאַ־ליענער איז ער פאַראָרעמט געוואָרען, זיינע געשעפטען זיינען צו גרונד געגאַנגען, די חרפּה און פאַראַכטונג פון זיינע לאַנדסלייט, וועלכע האָבען כלומר'שט באַדויערט דאָס ר' פייוועלע דעם רב'ס אַן אייניקעל זאָל אַזוינס אָפּטאָן... דער קלאַפּ איז געוועזען צו שטאַרק פאַר דעם רב'ס זוהן, וועלכער איז פאַרוואָרפען געוואָרען קיין אמעריקא ער זאָל ניט דאַרפען ווערען אַ סאָלדאַט, עסען טרפות און מחלל שבת זיין, היינט געהט זיין עלטסטע טאָכטער מאַלטשענו און פאַראייניגט זיך מיט אַ גוי, און נאָך וואָס פאַר אַ גוי, אַן איטאַליענער. דער פרומער טאַטע האָט דאָס ניט געקענט איבער־טראָגען, און מיט אַ האַלב יאהר שפּעטער איז ער געשטאָרבען.

מאַלטשענו האָט אפילו געפּועל'ט ביי איהר איטאַליענישען געליבטען ער זאָל זיך מגיר זיין און ווערען אַ איד. ער האָט עס איהר פאַרשפּראָכען, אַז ניט קען זיין זי וואָלט זיך אפשר ניט פאַראייניגט מיט איהם, נאָר דער פאָטער איז געוועזען צו שטאָלץ און ניט געוואָלט פון איהר וויסען, האָט דער איטאַליענער דאַן חרטה געהאַט און ניט געוואָלט זיין וואָרט האַלטען.

זי האָט אנגעהויבען פיינט קריגען איהר איטאַליענישען מאַן און האָט געהאַסט זיך און די גאַנצע וועלט. איהרע ליידען זיינען געוועזען שרעקליך. דאָס געוויסען האָט זי געפּייניגט, ווייל זי האָט געוואוסט דאָס זי איז דער מלאך המות פון איהרע עלטערען: שפּעטער מיט צוויי יאהר איז אויך איהר מוטער געשטאָרבען...

עס זיינען געבליבען צוויי אונפאַרהייראַטע שוועסטער, ווייל קיינער פון די וואָס וואָלטען זיך מיט זיי משדך געווען, האָבען

נאכהער ניט געוואָלט זיך פאַרמישען מיט פרעמד בלוט. — אַן איטאַליענער אין דער משפחה — האָבען געזאָגט די לאַנדסלייט און דאביי באַדויערט די אונגליקליכע פאַמיליע, וועלכע איז אין מיטען בליהען צו גרונד געגאַנגען, דורך אַ שלעכט קינד... אַ טייערער, ליבער מענש געווען ר' פייוועלע דעם רב'ס...

די צוויי מיידלאַך זיינען געבליבען עלענדע, אונגליקליכע, פאַרזעסענע, זעהענדיג אַז זייער שוועסטער איז ניט גליקליך, האָבען זיי אויף איהר מיטלייד געהאַט און מיט אַ פּאָר יאהר שפּעטער זיך מיט איהר איבערגעבעטען.

אַט דאָס אַלעס האָט ראָזעלע געוואוסט און דערפאַר האָט זי אזוי געהאַסט איהר איטאַליענישען פאָטער.

און ראָזעלע'ס מוטער, וועמעס שיקזאַל איז אזוי טרויעריג געוועזען, האָט געפירט אַ אידיש הויז, געקאָכט פיש אויף שבת, געבענשט ליכט, און דער איטאַליענישער פאָטער פלעגט אָפּלאַכען און אָפּשפּעטען פון איהר אויפפירונג. זי האָט ראָזעלע'ן געלאָזט לערנען אידיש, אָבער געגען דעם האָט ער שטאַרק פּראָטעסטירט. ער האָט זי געוואָלט אָפּ'שמד'ען. אָבער ווען ראָזעלע איז עלטער געוואָרען, האָט די מוטער שוין קיין מורא ניט געהאַט, ווייל ראָזעלע איז געווען אידיש מיט'ן גאַנצען הארצען.

ביי זעכצען יאהר איז ראָזעלע געוואָרען פאַרענדערט: דאָס לוסטיגע מיידעלע איז מיט אַ מאָל אַ פאַרשטענדיגער מענש געוואָרען, אומעטיגער, ווייניג גערעדט. זי פלעגט שטעהן ביים סטופּ ווייט פון אַלעמען און זיך פאַרטיפען אין געדאַנקען, קוקען ווי אידישע מיידלאַך געהען פאַרביי און קוקען זיך אויף איהר ווייניג אום, זי האָט שטאַרק געפיהלט זייער פאַראכטונג צו איהר, זי האָט געוואָלט מען זאָל פאַרגעסען אָדער ניט וויסען, אַז זי איז נאָר אַ האַלב־אידישע טאָכטער, זי אָבער האָט באמערקט אז מען פאַרגעסט ניט... דאָס זי האָט אַן איטאַליענישען פאָטער.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געוועזן אַלעס. וואָס עלטער זי איז געוואָרען, אַלץ טרויעריגער איז זי געוואָרען, אַלץ מעהר האָט זי געליטען, אַלץ שרעקליכער האָט זיך פאַר איהר פאָרגעשטעלט איהר צוקונפט.

— וואָס וועט זיין דער סוף, מוטער? דענקסטו איך וועל זיך צופּאַסען צו אַן איטאַליענער ווי דו האָסט געטאָן? — פלעגט זי פרעגען מיט וועהטאָג אין האַרצען, ביי איהר מוטער.

— איך וואָלט עס ניט געוואָלט, מיין קינד! איך האָף עס וועט זיך טרעפען אַ אידישער באָי, וואָס וועט זיך אין דיר פאַר־ליבען. אין אַזאַ זיסער, שעהנער מיידעל, קען זיך דער בעסטער באָי פאַרליבען.

— אָבער מיין איטאַליענישער פאָטער? — פלעגט ראָזעלע באַטריבט פרעגען, און שאָקלען טרויעריג מיט'ן קאָפּ.

— עס טרעפען זיך אַזעלכע זאַכען, מיין קינד. — האָט די מוטער איהר געטרייסט.

— ניין, מוטער, אַ רעכטער אידישער באָי וועט אַן איטאַליע־נישען שווער ניט וועלען, ווען איך זאָל אפילו נאָך אמאָל אַזוי שעהן זיין, און אַ אידישען אויסוואורף, וויל איך ניט. וואָס פאַר אַ לעבען וועל איך האָבען ביי עפּעס אַ טרעמפּ! און אַן איטאַליענער, כאָטש דעם בעסטען און שעהנסטען און רייכסטען, וועל איך ניט וועלען.

די מוטער פלעגט ארומנעמען זי, קושען און וויינען, ניט האָבענדיג קיין ווערטער צו טרייסטען איהר איינציג קינד.

זי האָט געפיהלט אַז דאָס איז דער פּרייז וואָס זי צאָהלט פאַר איהר פאַלשען שריט. און זי איז נאָך מעהר פאַרביטערט געוואָרען, געשאָלטען, זיך און דעם טאָג וואָס זי האָט די ליכט פון דער וועלט דערזעהן.

ראָזעלע האָט אויפגעהערט שלאָפען. זי פלעגט ליגען גאַנצע נעכט און קלערען: וואָס וועט זיין דער סוף? זאָל זי דען פארזיצען ווי איהרע צוויי טאַנטעס, די אונגליקליכע שוועסטערס פון איהר מוטער? וואָס פאר אַן עלענד לעבען זיי פיהרען דאָס! און אַז זיי וועלען קראַנק אָדער אַלט ווערען, ווער וועט פאר זיי זאָרגען? און קיין אָפּשטאַמונג וועט פון איהר מוטער'ס פאַמיליע ניט בלייבען, מיט איהר ווערט דער גאַנצער שטאַם ביז'ן סאַמע וואָרצעל פאר־ניכטעט. . .

— מיין גאָט! מיין גאָט! פלעגט זי ביטער זיפצען און דערביי גיסען מיט הייסע טרערען.

וואָלט איהר די מוטער אַ אידיש רעליגיעזע ערציהונג ניט געגעבען, וואָלט זי אין איהר דעם האַס צו איהר פאָטער'ס גלויבען ניט איינגעפלאַנצט, וואָלט פיליכט אַנדערש געווען... אָבער אַזוי איז קיין אויסוועג פאר איהר ניטאָ.

ביז, — יאָ, ביז אין אַ פרימאָרגען האָט מען זי געפונען אַ האַלב טויטע אין איהר בעט ליגען; „קארבאָליק" האָט געמאַכט אַן ענדע צו איהרע ליידען.

מען האָט שנעל אַ דאָקטאָר גערופען, אָבער ער האָט ערקלערט דאָס עס איז צו שפּעט איהר צו העלפען. זי וועט אָנהאַלטען נאָך אַ פּאָר מינוט.

מיט די לעצטע קרעפטען און שווערע קאָנוואולסיעס האָט זי אָנגעצייגט אויף אַ בריעף אונטער דעם קישען; זי האָט געפאָדערט דורך אַ שריפט מען זאָל איהר לעצטען וואונש ערפילען.

„איך בין אַ אידישע טאָכטער, מען זאָל מיך באערדיגען אויף אַ אידישען בית עולם."

און דאָס האָט מען איצט באַערדיגט די האַלב אידישע טאָכטער אין באַגלייטונג פון איהר פּאָטער'ס איטאַליענישע פאַמיליע. קיין אידישע האָבען זיך ניט געפונען איהר דעם לעצטען כבוד אָפּצוגעבען.

איהר מוטער איז פון דעם גרויסען אונגליק פון זינען אַראָפּ, און נאָך איידער מען האָט איהר קינד פון הויז צוגענומען, איז די אונגליקליכע שוין צוגענומען געוואָרען אין אַ משוגעים הויז.

# די ווידוי פון אַ פרוי

מיסטער ראָזענבערג, אַ שעהנער, קרעפטיגער יונגערמאַן, איז געשטאַנען פאַר'ן שפּיגעל, זיך צורעכטגעמאַכט דעם קראַגען מיט דעם קראַוואַט און צופרידען זיך געגעבען אַ גלעט איבער'ן קאָפּ, וועלכער איז נאָך געווען פייכט פון די פאַרפומען, וואָס דער באַרבער האָט אים נאָך דעם הערקאַט אויף די האָר ארויפגעשפּריצט. ער האָט אנגעטאָן דעם ראָק און הוט, זיך נאָך אמאל באַטראַכט אין שפּיגעל און האָט געשמייכעלט צופרידען מיט זיך אליין: עס האָט אים הנאה געטאָן, דאָס ער קוקט אויס שעהן, יונג, פריש און ספּאָרטיש.

— זאָל איך מאַכען דינער? — האָט מיסעס ראָזענבערג געפרעגט, זעהענדיג, דאָס איהר מאַן קלייבט זיך אין וועג אריין.

— ווי דו ווילסט, ניט פאַר מיר, — האָט ער קורץ געענטפערט, און זיין שמייכעל איז פאַרשוואונדען ווען ער האָט דערהערט איהר שטימע.

זי האָט אונטערדריקט אַ זיפץ און ניט געוואַגט אים צו פרעגען, וואוהין ער געהט. צו וואָס דאַרף זי פרעגען? זי קען דען ניט זיינע געגנג? זי ווייס, אַז ער געהט צו זיינע גוטע ברידער און וועט שוין דאָרט פאַרברענגען די נאַכט, און מאָרגען וועט ער אפילו שוין צו דער ארבייט ניט געהן. און זי טאָר אים ניט פרעגען, ווייל זיין ענטפער איז: — דיינע קינדער וועל איך פאַהאַדאַוועןג...

— אוי, אַ קינד! אַ קינד! — זיפצט זי, — ווען איך האָב אַ קינד, וואָלט גאַנץ אַנדערש געווען!

אודאי, ווי זי איז מקנא איהר נעקסט־דאָריגע, ווי אנדערש יענע קען האנדלען, ווי אנדערש יענער'ס לעבען איז...

און זי? אָפּגעהאָרעוועט יאהרען לאנג... צו וועלכען צוועק האָט זי זיך געפּלאָגט אין שאָפּ? געארבייט צוועלף לאנגע יאהר, אנגעזאַמעלט פופצען הונדערט דאָלאר כדי זיך צו פארזאָרגען אַ צוקונפט. זי איז געווען געאַכטעט און געשעצט ביי אַלעמען אלס פאָרליידי אין שאָפּ, גוט פארדינט, זיך שעהן געקליידעט, אָבער דאָך זיך ניט פיעל פארגונען, אַלץ געוואָלט שפּאָרען און שפּאָרען. און ווי גליקליך זי איז געווען ווען זי האָט זיך באקענט מיט איהר איצטיגען מאַן, איהר דייוו... ווי גוט ער איז צו איהר געווען! זיי האָבען זיך געליבט אָהן אַ גרענעץ. זי האָט געמיינט, אַז אַזאַ ליבע קען זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּען.

אַי, א חלום, אַ שעהנער, זיסער חלום. זי איז געשטאַנען ביים שפּיגעל און זיך באטראכט מיט אַ שמערצליכען אויסדרוק אויפ'ן פּנים.

וואו איז די שעהנע, לעבעדיגע גאָסי? וויפיעל האָפנונג אויף גליק זי האָט אמאָל געהאַט... איינגעריכטעט אַ שעהנע היים מיט אַלעס גוטען. ער, איהר דייוו, איז געשטאַנען אין ביזנעס, פיין פארדינט. אָבער ווער איז שולדיג אין איהר צושטערטען גליק, אַז ניט זי אַליין? יאַ, זי אַליין האָט צובראָכען איהר גליק, איהר היים, איהר ווארעם נעסט...

זי האָט געוואָלט זיין אַ פרייער מענש, אַ פרייער פויגעל, ניט געוואָלט זיין צוגעבונדען צו עפּעס אומבאַקאַנטעס. זי האָט ניט פארשטאַנען די גרויסע באדייטונג דערפון... ניט געוואוסט, אַז דאָס איז דאָס לעבען... דער קיום פון לעבען... אַז צוליב דעם ווערען מיר געבוירען, אום אַנדערע דאָס לעבען צו געבען... אַזוי פיהרט זיך די וועלט. אָהן אונז וואָלט קיין וועלט ניט געווען, און מיר זיינען נאָר דורכרייזענדע. עס איז אַ דור הולך ודור בא. אַזוי

פיהרט זיך, און ווער עס לאָזט קיין דור ניט איבער, איז גלייך ע־וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. „נאדיר אַ באַרגען, קינדער" זאָגען זיך נאָר לייכטזיניגע פרויען. אי, נארישע יוגענד...

ווי זי האָט זיך דאָס דערשראָקען באַלד נאָך דער ערשטער באַרוישונג, נאָך די ערשטע האָניג־זיסע וואָכען, ווען זי איז געוואָר געוואָרען פון אַ סוד, — און דאָס האָבען זיי נאָך ביידע ניט ברעה געהאַט.

זי האָט געוואָלט זיך אַ ביסעל אויסרוהען פון דער שאַפּ־ארבייט און שקלאַפעריי, און זעהן די וועלט, מיטמאַכען דאָס לעבען. און דאָ פלוצלונג... וועט זי ווידער פאַרשקלאַפּט ווערען ביי זיך אליין, אין הויז, מיט נאַנטשען אַ קינד... דאָס האָט איהר גאָר ניט געשמעקט.

ער האָט אויך צוגעגעבען, אַז זי האָט רעכט. אָבער אזוי ווי עס איז שוין געשעהן, איז פאַרפאַלען...

— ניין, — האָט זי טראָציג ווי אַ פאָרלוידי צו די ארבייטער געזאָגט — עס איז נאָך ניט פאַרפאַלען, מיט געלד קען מען זיך העלפען. און איך וועל ניט פאַרשפעטיגען זיך צו פּלאגען מיט דער קליינער חברה...

זי דערמאָנט זיך ווי קראַנק זי איז געווען דערנאָך... אָבער זי האָט זיך באַפּרייט און ווידער געוואָרען אַ פרייע ליידי. זי האָט אוועקגע׳פּטר׳ט די פרוכט פון איהר ערשטער ליבע.

זי זיפצט און קרעכצט אָפּ שווער. יא, מיט דעם האָט זי אוועקגע׳פּטר׳ט איהר גאַנץ גליק. אַ שאָטען פון טרויער האָט באַדעקט דעם האָריזאָנט און פאַרשטעלט דאָס ליכט, וואָס האָט צו איהר געשמייכעלט מיט זיסער האָפנונג אויף אַ גליקליך לעבען.

יא, זי האָט גע׳פּטר׳ט איהר געזונט. זייט יענער צייט איז זי רואינירט און צובראָכען. די דאָקטוירים זאָגען איהר זי זאָל פאַרגעסען וועגען אַ קינד צו האָבען, זאָל זי כאָטש זיין געזונט.

געלד און ביזנעס זיינען פאַרשוואונדען. אַ סך האָט זי שוין פאַרקרענקט, און ביי דעם אַלעמען איז ער צו איהר וואָס אמאָל קעלטער און קעלטער געוואָרען. און איצט איז ער נאָר אַ גאַסט אין דער היים. רעדט צו איהר וויניג. זי טוט אַלעס אים צופרידען צו שטעלען, ציטערט פאַר זיין וואָרט, פאַר זיין בליק. און לאָז זי אים זאָגען אַ וואָרט, וואַרפט ער איהר פאָר:

— וואָס האַלט דיך אָפּ פון מיר פּטור צו ווערען? די קינדער?
— און קערט איהר צו דעם רוקען.

אָדער ער אנטלויפט צו דער שכנה און שפּילט זיך דאָרט מיט'ן קינד. זי הערט זיין קול, ווי ער לאַכט און שטיפט. און אַז דאָס קינד צוואוויינט זיך, הערט זי ווי די מוטער בייזערט זיך כלומר'שט און רופט אים:

משוגענער מר. ראָזענבערג! איהר האָט מיר שוין ווידער צורייצט דאָס קינד! גיט עס אַהער! קום, מיין פייגעלע, מיין שאַץ, קום צו דער מאַמע'ן. נאַ, נאַ, זוויג...

און איהר שניידט דאָס האַרץ. זי איז בייז אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט. יענע האָט אמאָל געאַרבייט ביי איהר אין שאַפּ, אַ פּראָסט מיידעל געוועזן, אויף וועלכע זי האָט זיך קיינמאָל ניט אומגעקוקט, אָט אַן אָרעם מיידעל אָהן אַ פּעני. פון וואָס? פון איהרע גרויסע פאַרדינסטען ביי טיקעטס נעהען? און ווער איז דאָס איהר מאַן? אַ פּראָסטער גאָרנישט. און יעצט מאַכט ער געלד, מאַכט אַ שעהן לעבען און גיט איהר יעדע פּעני אוועק.

און וואָס פאַר אַ היים זיי האָבען היינט. יענע איז היינט די רייכע: טראָגט אויף זיך אַ גאַנצע סטאָר מיט דזשולערי, און ער קריכט איהר פאַר די נעגעל, מען הערט נאָר: „מיין פּעני,“ און „מיין פּעני פּלאַגט זיך נעבעך מיט'ן קינד....“

— כאַ־כאַ־כאַ! פּלאַגט זיך מיט'ן קינד! איך וואָלט איצט געאַרבייט טאָג און נאַכט, ווען מיך טרעפט דאָס גליק. אָבער ווי

עס זעהט אויס, איז פארפאלען. שוין אכט יאהר... יא, שוין אכט יאהר און מען ווייס ניט מעהר ווי דאָקטאר און מעדיצין.

אודאי ווערט עס מיאוס פאר א מאַן. א פּענע זעהט זי ניט, ווי א בלינדער דעם וועג. די נעקס־דאָריגע רופט זי מאנכעס מאָל געהן אין די מואוויס, זעהן א פּיקטשור. יענע געהט טאקע. ווען זי געהט מיט'ן קינד לופט שעפּען, שעפּט זי אויך; מאכט דעם קינד א מאָלטעד, טרינקט זי אויך. אלץ פאר'ן קינד, צוליב דעם קינד. קומט דער מאַן אהיים, טרעפט ניט קיין סאפּער — דאָס קינד האָט ניט געלאָזט. עס איז דאָ א תירוץ, און דער תירוץ געהט אָן.

זי דערמאָנט זיך ווי זי האָט אמאָל געזאָגט:

— דייוו, אונזער נעקסט־דאָריגע האָט באשטעלט ביי א מילך־מאַן א באָטעל מילך, זאָל איך אויך באשטעלען?

— צו וואָס באדארפסטו מילך? דו זויגסט דען א קינד? — האָט ער זי געפרעגט מיט שפּאָט, און איהר איז פאר וועהטאג דאָס הארץ צוגעקלעמט געוואָרען און זי האָט שטיל געשעפּטשעט: — אוי, א קינד, קינד! נאָר איין קינדעלע, איך זאָל האָבען מיט וואָס מיין מאַן צוריק צו געווינען, זיין ליבע, זיין טריישאפט, ווייל אויב ניט, וועל איך אים אין גאנצען פארלירען... און דאָס הייסט פאר־לירען דאָס ליכט פון מיינע אויגען... אוי, דייוו, דייוו! ווי ליב איך האָב דיך! ווען דו ווייסט וויפיעל איך לייד פון דיין קאלטקייט צו מיר... — און זי האָט זיך צוואויינט.

און אז ער געהט אוועק, פרעגט זי אים אפילו ניט וואוהין ער געהט. און וואָס וועט זי אים פרעגען? ווייס זי דען ניט? ער געהט צו זיינע פריינד שפּילען אין קאָרטען, און זי האָט ניט די מאכט ווי יענע... איהר נעקסט־דאָריגע, אים צוריק צו האלטען. אז יענע זאָגט: געה ניט! געהט איהר מאַן ניט, ווייל זי האָט מיט וואָס אים צו קייטען. ער דארף איהר העלפען ביים קינד. אליין

איז זי שעהן, געזונט, פריש, פול מיט לעבען. אַ ליב, טייער קינדעלע, אַ זיסער מלאך'על...

— און מיט וואָס קען איך קייטען מיין מאַן? פון מיר איז אַ שאָטען געבליבען. אפנים טאקע אמת, וואָס מיין מאַן האָט מיר פאָרגעוואָרפען: אַ בוים, וואָס טראָגט ניט קיין פּירות, טריקענט איין . . .

# די באָבע מיט׳ן אייניקעל

די אַלטע באָבע רחל איז געזעסען ביים פענסטער און געאַרבייט אַ זעקעלע. מיט די ברילען אויף דער נאָז און אַביסעל פאַר־רייסענדיג די שפּיציגע, אויסגעדאַרטע מאָרדע, ביי וועלכער עס האָט אַראָפּגעהאַנגען די לויזע הויט, ווי די פעל ביי אַן אַלטער, מאָגערער קוה, האָט זי געצעהלט די אויגען אויף די שפּינזלאַך: „איינס, צוויי, דריי,“ ווען עס האָט זיך פּלוצלונג דערהערט דאָס קלינגען פון דעם טיהר גלעקעל.

— טפו זאָל עס ווערען! שוין דאָס צענטע מאָל, אַז איך צעהל די אויגען און ווייס אַליין ניט וואו איך האַלט! האָט זי אויסגעשריען און געגאַנגען עפענען די טיהר.

איהר אייניקעל פלאָרא, אַ שעהנע בלאָנדינקע, ביי צוואַנציג יאהר, מיט אַ זיסען, חנ׳עוודיגען שמייכעל, איז אַריינגעקומען מיט איהר חתן, מעקס בלום, אַ הויכער, באַ׳חנ׳טער ברונעט פון אַ יאהר זעקס און צוואַנציג.

— האַללאָ, באָבעניו, וואָס מאַכט איהר?

— אָט זיץ איך און מאַך אַ פּאָר וואַרעמע זעקעלאַך פאַר פּעסעלען — האָט די אַלטע געענטפערט מעקס׳ען און זיך גענומען צו דער אַרבייט.

— באָבעניו! — איך קען אייך דערצעהלען נייעס — האָט אויסגערופען פלאָרא מיט אַ שמייכעל.

— עפּעס גוטע? — האָט די באָבע אויפגעהויבען די אויגען פון זאָק, פאַרטזעצענדיג די אַרבייט אין מיטען רעדען.

— גוטע, באָבעניו! גוטע, מיר האָבען אָפּגערעדט פון א חתונה.

— פון אַ חתונה? — האָט זיך די אַלטע גע'חידוש'ט. — ווער האָט אָפּגערעדט? — זי האָט ניט פארשטאַנען, ווי און ווען מען האָט די חתונה אפּגערעדט, אַז זי האָט גאָר ניט געהערט דערפון.

— מיר, און מעקס, האָבען אָפּגערעדט אַז קריסטמעס זאָלען מיר חתונה האָבען.

— פאַרוואָס עפּעס קריסטמעס און ניט שבת חנוכה?

— זאָל זיין שבת חנוכה — האָט זיך מעקס מיט אַ שמייכעל אָפּגערופען.

— און די מאַמע ווייסט?

— נאָך ניט. זי איז ניטאָ אין דער היים.

— זי וועט אודאי באַלד קומען. נו, זאָל זיין אין אַ גוטער, אַ מזל'דיגער שעה! האָט די אַלטע אויסגערופען מיט טרערען פון פרייד, ארומגענומען פלאָרא'ן און זיך מיט איהר הארציג צוקושט.

מעקס איז צוגעקומען:— און מיך באָבעניו?

זי האָט אים אַ גלעט געטאָן מיט ליבע איבער די הענט און אראָפּגעלאָזט די אויגען, ווי פאַרשעמט פון מעקס' פאָדערונג.

— באָבעניו, מעגסט אים אַ קוש טאָן, איך וועל ניט זיין בייז — האָט זיך פלאָרא צולאַכט פון באָבע'ס נאַאיווקייט. זי האָט ארומגענומען מעקס'ען און אים אַ קוש געטאָן, מיט דער באַמערקונג:— זאָל זיך דאכטען, אַז די באָבע קושט דיך. אָבער אַז ניט, געה, גיב איהר אַ קוש.

מעקס האָט זיך צוגעבויגען און אַ קוש געטאָן דער באָבען אין צוקנייטשטען פּנים. זי איז ווי אַ יונג מיידעל פאַררויטעלט געוואָרען און מיט ליבע אויסגערופען:— געה, דו שטיפערקע, וואָס איהר קען איינפאַלען!

פלאָרא האָט געפּאַטשט מיט די הענט פּאַר פרייד, און אַנ־נעמענדיג מעקס'ען ביים אָרעם, איז זי מיט אים אריין אין פּאַרלאָר.

די אַלטע האָט זיי נאכגעקוקט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, טראַכטענדיג:— נו, אַ וועלט היינט... אָפּגערעדט אַ חתונה. ווער אָפּגערעדט, וואָס אָפּגערעדט? אָהן אַ טאַטען, אָהן אַ מאַמען... זיי דאַרפען קיינעם ניט, זיי אליין זיינען אַלעס. ווי דאָס שעמט זיך ניט. דרייסט, אָהן אַ שום בושה, עס איז ביי זיי גאָרנישט. אַ וועלט, אַ וועלט — און די אַלטע האָט זיך אָפּגעזיפצט.

— אי, אי, — דערמאַנט זי זיך וועגען דעם קאָנטראַסט. וויפיעל איז עס דען? דוכט זיך אינגאַנצען פינף און פופציג יאהר, ווען דער טאַטע עליו השלום, אַ מליץ יושר זאָל ער דאָרט זיין, האָט זיך געקליבען פאָהרען אָפּצורעדען וועגען אַ חתונה. פיר לאַנגע וואָכען האָט עס גענומען ביז מען האָט זיך מישב געווען מיט'ן פעטער ר' חיים און מיט'ן אַלטען ר' בערעל שוחט. געקליבען. אַלץ הייסט געקליבען! אַ וואָך לאַנג האָט מען זיך פאַרטיג געמאַכט צום פאָהרען. ..

מען האָט איינגעפּאַקט עסען און טרינקען אויף דער פוהר, אַז מען וואָלט היינט גענוג געהאַט אויף פיר וואָכען צו לעבען: אַ פלאַש מיט שנאַפּס, אַ גאַנץ קעלבעל, מיט געבראָטענע גענז, מיט אַ פּאָר ברויטען, מיט אַן עמער היימישע קעז און פּוטער, אויסגעקנאָטען מיט זאַלץ און פעפער, ברינדזשע, „שאָף־קעז," אייער געקאָכטע, און וואָס ניט?

אַזוי באַוואָרענט מיט כל טוב, האָט דאָס פאָהרען געדויערט אַ גאַנצע וואָך. אוועקגעפאָהרען איז מען מוצאי שבת קודש, און געקומען צוריק אהיים איז מען ערשט דאָנערשטאַג פאַרטאָג. זי געדענקט ווי זי האָט זיך אונטערגעהערט פּראָוועגדיג אויסגעפינען אויף ווען מען האָט באַשטימט די חתונה. און דאָס הארץ האָט ביי איהר געקלאַפּט צום ארויסשפּרינגען. דער חתן האָט זי כמעט

ניט געקאַנט. זי האָט איהם עפּעס יאָ געזעהן אויף די תנאים, וואו די מומע מינדעל, אַ מליצה ישרה זאָל זי דאָרטען זיין, האָט זי פאַרנאַרט. אין דער גרויסער שטוב איז ער געזעסען, צווישען פיעל אידען, אויבען אָן ביים טיש, אין אַ ראַצימירענע קאַפּאַטקע, מיט אַ ברייטען קאַפּעליוש איבער די אויגען אַראָפּגערוקט, אפילו ניט דערקענען, צי ער איז אַ בלאָנדער אָדער אַ ברונעטער. זי האָט זיך דערנאָך געגריבעלט צו געדענקען און פרעגען האָט זי זיך געשעמט. זי האָט זיך געשעמט די אויגען אויפצוהויבען. ווי עס איז זיך ניט וויסענדיג געמאַכט גלייך ווי ניט זי מיינט מען, גלייך ווי ניט איהר עסק, זי האָט שיער דעם אָטעם פאַרלאָרען, דער־הערענדיג, ווי דער פאָטער האָט איהר גערופען.

— רחל'ע, איה"ש שבת נאָך שבועות וועלען מיר פּראַווען אַ חתונה אין אַ גוטער שעה און איה"ש די אַנדערע טעג פּסח וועלען מיר האָבען אַ גוטען גאַסט: איך האָב פאַרבעטען דעם חתן.

און מיט איין אויג אַ קוק טוענדיג אויף רחל'ען, וועלכע איז געשטאַנען אָהן לשון, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען:

— נו, טאָכטערקע, מען מוז זיך נעמען צו דער ארבייט. שוין קיין סך צייט ניטאָ און ארבייט איז דאָ פיעל.

— וואָס האָסטו צו איהר? — האָט זיך די מוטער אָפּגערופען, — זי טוט איהר ארבייט, ווי זי קען, זי מאַכט זיך אַ געהאַפטענע הויב, און אַ געשטיקט פאַרטוכעל צו ליכט בענשען.

און זי האָט ניט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז, צי מיינט מען טאַקע זי, צי וועט זי שוין טאַקע אין גיכען דאַרפען ליכט בענשען?...

עס איז איהר ניט פרעהליך. ניין, איהר איז שווער אויפ'ן האַרצען. יעדער לויבט איהר חתן, אַ וואוילער לערנער, אַן עלוי, אָבער אַזאַ יונגער, כמעט אַ קינד. זי האָט איהם געזעהן, מען האָט

אים קוים ארויסגעזעהן פון טיש, נאָר דאָס פּנים מיט די אויגען האָבען געלויכטען, ווען ער האָט אויף איהר אַ קוק געגעבען ביי די תנאים און באַלד האָט ער פאַרשעמט ארונטערגעלאָזען די אויגען.

און זי? מיין גאָט, ווי זי האָט זיך דאָס פאַרשעמט און אנטלאָפען אין קיך אריין און פאַר אַ האַלבע שעה האָט איהר דאָס פּנים געפלאַמט, זי האָט ניט געקענט זיך ציינען פאַר די געסט.

— און היינט? — האָט זיך די באָבע רחל'ע אָפּגעזיפצט, — ווער שעמען, וואס שעמען, קיין בושה אין די היינטיגע צניעות... ווי פּראָסט, ווי וואָכעדיג דאָס אַלעס איז! אָפּגערעדט אַ חתונה... ניט געקלאַפּט, ניט געבלאָזען, אַלעס פאַרטיג, און באַלד וועט זיין אַ חתונה אָהן אַ יאָגעניש, אָהן אַ לויפעניש, און אָהן קאָפּדרעהעניש, אָהן שום חן, אָהן שום רייץ. וואו איז דער זיסער רייץ פון חתן־כלה, וואָס איך מיט מיין גאָטזעליגען האָבען דורכגעלעבט?...

און זי האָט זיך אַזש צוזאמענגעקאָרטשעט דערפיהלענדיג אַ שטילען ציטער אין הארצען פון דעם אמאָליגען איבערלעבעניש.

ווי זי האָט אים ליב געהאַט! אַז אַ יאהר צייט נאָך דער חתונה האָט זי אים ניט גערופען ביים נאָמען, און אַז זי האָט אים עפּעס געדאַרפט זאָגען, פלעגט זי אראָפּלאָזען צניעות'דיג די אויגען און זאָגען:

— הער־זשע... זיי זשע מוחל! — און זיין נאמען האָט זי געהאַלטען טיף פאַרבאָרגען ווי אַ היילינגטום אין איהר הארצען, און נאָר אין געדאנק האָט זי אים גערופען משה'לע, מיט אזוי פיעל ליבע און צערטליכקייט!

אַ לאַנגע צייט האָט זי זיך ניט געוואָלט גלויבען, אַז ער באַלאַנגט צו איהר, אָט דער ליבענקער יונגערמאַנטשיק, זי קען זיך ניט דערמאָנען, וויפיעל צייט עס האָט גענומען נאָך דער חתונה, ביז זי האָט אים צוריק אַ קוש געטאָן... אין דעם קוש איז עפּעס

אַזוינס געווען, אַז די נשמה איז איהר שיער אויסגעגאַנגען פאַר זיסער הארציגקייט... זי האָט יאהרען לאַנג געדענקט דעם ערשטען קוש . . .

טרערען זיינען גערונען איבער דער אַלטער׳ס אָפּגעצערטע, בלייכע, צוקאַרטשעטע באַקען, און זי האָט עס אפילו ניט געפיהלט, אַזוי איז זי געווען באַוועגט פון דער זיסער יוגענד־ערֿאינערונג.

און ווידער האָט זי זיך דערמאָנט אָן איהר אייניקעל פלאָרא, ווי מיט אַ לייכט הארץ זי האָט מודיע געווען דער באבע: — מיר האָבען אָפּגערעדט אַ חתונה — און ווי דאָס שעמט זיך ניט, אָהן שום צערעמאָניעס צו קושען זיך פאַר דער באבען אין די אויגען.

און זי האָט זיך פאַרטראַכט. — און אפשר איז בעסער אזוי?... וויפיעל האָט זי געליטען ביז זי האָט געוואַגט איהר מאַן אַ קוש צו געבען... אָבער דער קאנטראסט צווישען ד ע ר ליבע מיט י ע נ ע ר . . . מען קען ניט זאָגען, זיי האָבען זיך ליב, אָבער איך גלויב ניט, אַז אַזאַ זאַך וואָס איז אַזוי איינפאַך, אַזוי וואָכעדיג, זאָל קענען לאַנג אנהאַלטען איהר רייץ... זאָל קענען געננג שטאַרק זיין פאַר אַ לאַנגע, דויערהאפטע ליבע. דאָס וואָס מען נוצט צופיעל, ווערט גיך נמאס און פאַר׳מיאוס׳ט און מען זוכט נייע רייצען, נייע זאכען, נייע מענשען צום רייצען, צו קיהלען די געפיהלען, עס זאָל אנהאַלטען אַ שטיקעל פייערל אין דער נשמה... — די אַלטע האָט זיך אפּגעזיפצט, באַרויערענדיג איהר אייניקעל, וואָס וועט לאַנג ניט קענען פיהלען דאָס, וואָס זי פיהלט נאָך היינט ביי פינף און זיבציג יאהר... מען פאַרלירט דעם דרך ארץ, דעם רעספּעקט איינס פאַר דאָס אַנדערע... זי פּרובט זיך צו דערמאָנען, ווי אַזוי דאָס איז געווען, ווען ער, איהר ליבער משה׳לע האָט איהר דעם ערשטען קוש געטאָן... דאָס איז געווען אַ שטיקעל צייט נאָך זייער חתונה. זיי זיינען געווען אליין אין זייער שטיבעל, וואָס דער טאַטע האָט זיי איבערגעגעבען.

דאָס שטיבעל האָט אויסגעקוקט אין זייערע אויגען, ווי אַ פּאַלאַץ — מיט אַ בעט און אַ באַנקבעטעל, אַ טישעל מיט צוויי בענקלאך און אַ שאַפע מיט ספרים. אַפילו ניט קיין טייערע מעבעל, ווי די היינטיגע, אָבער דערינען האָבען געוואוינט צוויי ליבענרע נשמות, וואָס האָבען געלעבט ווי צוויי זיסע מלאכים'לאך, און דאָס שטיבעלע איז אַ הייליגס, אַ קדשי קדשים, וואו תורה און ליבע און צניעות זיינען געווען פאַראייניגט...

דאָס איינע פענסטער איז געווען אין אַ גאָרטען מיט בוימער, באַדעקט מיט גוטע פּירות, וואו פייגעלאך האָבען זיך זייערע נעסטעלאך געמאַכט אין די געדיכטע צווייגען, און אַז עס האָט אנגעהויבען צו זשאריען דער יונגער טאָג, האָט מען שוין ניט געקענט שלאָפען פון די פיעלע פּישטשערייען, און ווי אַ קאָהר פון די בעסטע מוזיק־ארקעסטער האָבען זיך געטראָגען זיסע טענער.

אך, ווי זיס עס איז געווען צו ליגען אין בעט און זיך איינצו־הערען צו די האַרציגע קלאַנגען, וואָס צוגיסען זיך אין אַלע גלידער! אין אַזאַ צייט פון די זיסע, האַרציגע פויגעל־געזאַנג, געדענקט זי, ווי איהר טייערער משה'לע האָט זי ארומגענומען און איהר אַ האַרציגען קוש געגעבען, אויסרופענדיג:— זיסע רחל'ע! טייערע, נאָר אַזעלכע הימלישע טעכטער ווי דו, ביסט ווערטה צו זיצען אין אַזאַ פּראַכט, צווישען בוימער און פויגעל־געזאַנג, דו ביסט ביי מיר די שעהנסטע רויז אונטער'ן הימעל!

— מיין גאָט! די ווערטער האָבען אַזוי האַרציג געקלונגען, דאָס איך האָב פאַרגעסען אָן די פויגעלאך מיט זייער זיסער שטימע. זיין שטימע האָט נאָך שעהנער און זיסער געקלונגען אין מיינע אויערען.

אי, ווי זיס האָט דאָס געפיהלט!... דער קיסר אין דער וועלט איז פאַר דעם גליק ניט אימשטאַנד געווען צו באַצאָהלען... פון דאַמאַלס אָן האָט זיך צווישען זיי אנגעפאַנגען אַ זעהר האַרציגע

צערטליכקייט, ליבע און רעספעקט. ער האָט איהר אַנדערש ניט גערופען, ווי: „טהייערע, ליבע רחל'ע, זיי זשע מוחל,“ און זי אים: „משה'לע לעבען, זיי מוחל, געה עסען,“ און מיט אַזאַ ליבע און האַרציגע צערטליכקייט האָבען זיי אָפּגעלעבט, דוכט זיך, ביי פופציג יאהר.

— און מיין אייניקעל? ווער ווייס, צי זי וועט קענען פיהלען אין מיינע יאהרען אזוי ווי איך איצט... אָדער אַלעס איז נאָר אַ חלום, אַ שעהנער, זיסער חלום — האָט די אַלטע באבע רחל'ע געזיפצט און געבענקט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט...

# אַמעריקאַנער קינדער

דער אַלטער ר' פייוועל סילקעס איז געווען כל־ימיו דער ערשטער אנגעזעהענסטער בעל־הבית אין שטעדטעל.

אַז ער איז נאָר געקומען קיין אמעריקא,, איז ער געווען ווי אַ דערשלאָגענער. ער איז געווען געוואוינט, מען זאָל ביי אים פרעגען עצות. סיי אין פריידען און סיי חלילה אין ליידען פלעגט ער טרייסטען איטלאכען, עצות געגעבען. ער איז געווען דער גרויסער בעל־שכל און אַלע אין שטעדטעל האָבען פון אים זעהר שטאַרק געהאַלטען, ווי פון אַ גוטען אידען. דאָ, אין אמעריקא, איז ער נעבאך פאַרוואנדעלט געוואָרען אין אַ גאָרנישט, דאָ, איז ער גע־וואָרען אַ פּראָסטער, אַלט־פרענקישער איד, וואָס טויג צו גאָרנישט און ווייסט גאָרנישט, גלייך ער וואָלט קיין מאָל נישט געהאַנדעלט מיט גרויסע פּריצים און סוחרים, און טאָמער פרעגט ער עפּעס דעם זוהן וועגען די געשעפטען, שמייכעלט יענער, גלייך ער וואָלט געווען אַ קינד און געפרעגט פאַר אַ שפּילכעל... ווערט ער אין כעס, אָבער באַלד לאָזט ער אַראָפּ זיין קאָפּ ווי אַ דערשלאָגענער און עס גלוסט זיך אים צו וויינען טאַקע ווי א קינד.

— זיי ניט בייז, טאַטע לעבען! — פאַרענטפערט זיך דער זוהן — איך האָב נישט געמיינט קיין שלעכטס! אָבער וואָס ווייסטו פון היגע ביזנעס? וואָס ווייסטו פון קלאָודינג? דו האָטס מיט דעם ניט געהאַנדעלט. דיין מסחר איז געווען אַן אַנדערער.

איז שוין דער אַלטער ר' פייוועל געווען ביי זיך איבערצייגט, אַז דער זוהן איז גערעכט, ווייל טאַקע, וואָס ווייסט ער פון אמערי־קאַנער ביזנעס?

אוועק זיינען דאַן עטליכע חדשים. ר׳ פייוועל פלעגט זיך טרעפען מיט זיינע לאנדס־לייט אין שוהל, אָבער אויך נאָר אויף גיך האָט מען געפרעגט:

— וואָס טוט מען? וואָס מאַכט איהר, ר׳ פייוועל? —

ניט מעהר, ווייל אַלע זיינען דאָ אזוי פאַריאָגט, אַזוי פאַר־שמאיעט אין זייערע ביזנעס, אַז מען ווייסט נישט צו מען לעבט, גיך טוט מען אַ לייג טלית און תפילין, און איידער מען קוקט זיך ארום, האָט מען שוין געענדיגט. פון דעם יונגען דור זעהט מען זעלטען אימיצען אין שוהל, סיידען ווען איינער דאַרף קדיש זאָגען.

— אידישקייט האָט מיר דאָ אַ שעהן פּנים, מ׳שטיינס געזאָגט, — פלעגט ער זיך באַקלאָגען פאַר זיינע פריינד. — קיין שבת, קיין יום טוב, ווער פיהלט עס אַ טעם פון אַ יום טוב? ווער זעהט אים אָן? אַלעס איז קאַלט, פאַרגליווערט, די שעהנסטע אידישע טראַדיציעס זיינען ווי פאַרפראָרען. קאַלט איז איינער צום אַנדערען, זייערע פּנים׳ער זיינען קאַלט, וואו זעהט מען דאָס היימישע לעבען, דאָס ליבליכקייט, וואו דאָס גאַנצע שטעדטעל אידען זיינען ווי איין משפחה. איינער קאָן דעם אנדערען פון וויגעל ארויס, פון דור־דורות. דער בכבוד׳ער איד האָט דעם גרעסטען כבוד, אַלע האָבען דרך־ארץ פאַר אים, אפילו ווען ער איז אַן ארימאַן, רעספּעקטירט מען זיין יחוס. אין דערהיים אַ שבת, אַ יום־טוב, אַ שמחת־תורה, וואָס פאַר אַ נחת, וואָס פאַר אַ תענוג! דאָס גאַנצע שטעדטעל פלעגט געהען אויף רעדער. דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט געזונגען, האָט געטאַנצט, האָט געלאַכט, האָט זיך משמח געווען מיט דער הייליגער תורה. מען פלעגט טאַנצען אין די גאַסען אין דער בלאָטע מיט פאַרקאַשערטע פאָלעס און עס איז געווען פיין און וואויל. קיינער האָט דערפון נישט געלאַכט, נישט געזאָגט קיין דעה. אה, גאָט, וואָס פאַר אַ זיסע צייטען דאָס זיינען געוועזען!

אין אמעריקא איז אַן אַנדער וועלט. אָט האָט ער אַן איינ־

קעל, א היבשער בחור'ל, אָבער פון אידישקייט ווייסט ער נישט. ער האָט זיך וועגען דעם פארנאנדערגערעדט מיט די קינדער:

— סטייטש, קינדער, אידישקייט! אייער קינד ווייסט גאָר נישט פון אידישקייט! נעמט אריין א מלמד, זאָל ער אים כאָטש אויסלערנען דאווגען!

— איי, שווער, לעבען, אונזער בענעלע, זאָל זיין געזונד, האָט געלערענט ביי א מלמד, האָט איהר געדארפט הערען א דרשה ווי ער האָט געזאָגט צו זיין בר־מצוה, געוועזן א פארגעניגען צו הערען. עס האָט אָפּגעקאָסט א שטיק געלד, מיר האָבען געמאכט א רעגעלע חתונה מיט מוזיק אין א האָלל מיט א פיינעם סאפּער און מען האָט פארברענגט ביז טאָג.

— נו, לייגט ער תפילין? קאן ער דאווגען? — האָט דער אַלטער געפרעגט.

— ווי ער האָט צייט, אז ער מוז לויפען אין קאללעדזש! איהר מיינט, אז קאללעדזש איז עפּעס א גרינגע זאך! ער האָט אפילו ניט צייט צו עסען, מאנכעס מאָל קען ער אפילו א גלאָז מילך ניט טרינקען.

— איי, קינדערלאך מיינע, אונזער אידישער דור ווערט וואָס א מאָל שוואכער, און שולדיג זיינען נאָר די עלטערען אליין, זיי גיבען די קינדער אזא ערציהונג, זיי גיבען אוועק די גאנצע צייט צו מאכען זיי פאר מענשען, אָבער אפילו נישט א ביסעלע צייט צו מאכען פון זיי אידען.

— דו האָסט א טעות, טאטע לעבען, דו קענסט נישט די אמעריקאנער אידישע יוגענד. אין יוראָפּ אז א קינד איז נישט געגוג אידיש ערצויגען געוואָרען, פלעגט מען זאָגען, ער וועט זיך שמד'ען, אָבער דאָ, אין אמעריקא, הערט מען נישט פון דעם, כאָטש מען גיט זיי נישט קיין אידישע ערציהונג.

— זיינען זי נישט ערגער ווי גע'שמד'טע? — האָט דער אַלטער ארויסגערעדט מיט אַ ציטעריגען קול.

— נו, דו וועסט אים נישט איבערצייגען — האָט די שנור געזאָגט. — אפשר וועט ער זיך אַ מאָל איבערצייגען — האָט זי פאַרדראָסיג גערעדט.

דער אַלטער האָט געוואָלט די שנור איבערבעטען, האָט ער מיט אַ נידעריגען טאָן ארויסגערעדט:

— איהר ווייסט דאָך, קינדער מיינע אַז איך בין נישט געוואוינט צו אַזאַ לעבען, עפּעס דערקענט מען נישט אפילו, ווער עס איז אַ איד און ווער עס איז אַ גוי.

— אָה, טאַטע לעבען, דו ביזט נישט גערעכט, דאָ איז נישט דאָס קליינע שטעדטעל, אין אמעריקא זיינען דאָ גאַנץ וואוילע אידען, עס פעהלט נישט אוים קיין שוהלען, קיין בתי־מדרשים, קיין מקוואות, אַלעס איז דאָ וואָס אידען דארפען האָבען.

— אָבער דער שבת, די ימים־טובים, ווי עס ווערט אָפּגעהיט, מ'שטיינס געזאָגט! —

—דאָס, טאַטע לעבען, קען מען ניט העלפען, די גרעסטע ביזנעס ווערען געטאָן אום שבת...

—איי, איי, — האָט דער אַלטער געזיפצט — מען קען זיך נישט העלפען? ווען מען וויל נאָר, וואָלט מען זיך שוין געהאָלפען. ליגט דען נישט די גרעסטע טהייל ביזנעס אין אידישע הענט? נאָר געה רעד מיט זיי!...

נאָך אַ זאַך האָט דעם אַלטען ר' פייוועל געקרענקט. ער זעהט זיין אייניקעל בעני, אַ שעהנער בחור'ל, ביי אַ 17 יאהר, שעהן ענטוויקעלט מיט אַ גוטען פאַרשטאַנד, עס ציהט אים, אים ארומצונעמען, צודריקען צו זיין אַלטער פאָטערליכער ברוסט, אָבער יענער איז פון ווייטען, זיי פאַרשטעהען זיך נישט, זיי קאָנען זיך

נישט, זיי זיינען פרעמד, די שפּראַך צוטהיילט זיי. איין מאָל האָבען זיי זיך צוקושט. דאָס איז געווען ווען ער איז אנגעקומען קיין אמעריקא, אָבער נישט מעהר. זיי באַגעגענען זיך ווי פרעמדע מענשען, אים דאַכט זיך, אז דער אייניקעל קוקט אויף אים מיט א שפּאָטישען בליק, אז ער גיט א קוק אויף זיין באָרד. די שעהנע, ווייסע באָרד, וואָס ער היט אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ, ער איז שטאָלץ אויף זיין באָרד. ער האַלט זי ריין און ציכטיג צוקעמט, קוקט ער אויס ווי א פּאַטריאַרך מיט דער שעהנער, ווייסער ברייטער באָרד. אָבער דאָ אין אמעריקא איז זיין באָרד ווי א דאָרן אין די אויגען צו דער יונגער, קליינער חברה. זיי לאָזען אים נישט דורכגעהן דעם וועג, און ווי גערען וואָלטען זיי זיך געוואָלט א שפּיל טאָן מיט דער דאָזיגער שעהנער באָרד!

איין מאָל געהענדיג אין שוהל אריין מיט דעם תפילין־זאַק אונטער דעם אָרעם, זיינען אים באַפאַלען א חברה קונדסים, האָבען אים ארומגערינגעלט און געשריען מיט באַנומענע קולות און געלעכטער, פון וועלכע ער האָט נאָר פאַרשטאַנען ס׳וואָרט „וויסקער! וויסקער!“ אינסטינקטיוו האָט ער גענומען זיין באָרד אין דער האַנד אריין זי צו באַשיצען און מיט׳ן שטעקען זיך פאַר־טיידיגען, אָבער דאָס האָט ביי דער קליינער חברה ארויסגערופען נאָך מעהר „פאַן“ האָבען זיי זיך נישט געוואָלט אָפּטשעפּען, נאָך נאָך מעהר צוגעטרעטען און פון אים געריסען, געצופּט דעם רעקעל און קריכען צו דערלאַנגען זיין באָרד, כאָטש ווי הויך ער איז געווען, זיינען זיי געשפּרונגען ווי יונגע ציגען, אים צו דערלאַנגען.

ער איז געווען אין א גרויסע פאַרלעגענהייט און ער האָט געזוכט א איד, וואָס זאָל אים פאַרטיידיגען, אים ארויסשלעפּען פון דער לאַגע. דאָ האָט ער אראָפּגעלאָזט זיין תפילין־זאַק, איז געוואָרען נאָך א גרעסערע בהלה מיט א געפּילדער, האָבען זיי געכאַפּט און צושפּרייט דעם טלית איבער דער סטריט און אריינ־געוואָרפען וואָס זיי האָבען געטראָפען. דער אַלטער איז געשטאַנען

אַ פאַרשטיינערטער פּאָר שרעק, זיין טלית צו זעהן איז אַזאַ לאַגע. וואָס טוט מען? און דאָ זעהט מען נישט אַ איד אויף אַ רפואה. ער איז געווען אַזוי פול מיט צער, אַז ער האָט נישט געזעהן אפילו ווי עס איז פּלוצים אנגעקומען אַ יונגערמאַן און האָט זיך אריינ־געלאָזט מיט דער חברה אין אַ קאַמפף, זיך אננעמענדיג פאַר דעם אַלטען מאַן. ער האָט שנעל צוזאַמענגענומען דעם טלית און איז אנטלאָפען אין שוהל אריין. אַ דערשראָקענער, אַ פאַרמאַטערטער איז ער אריין אין שוהל, ער האָט אפילו ניט געוואָלט קוקען ווי דער יונגערמאַן האָט דאָרט צוליב אים אָנגעפירט אַ פאַיט.

אהיים קומענדיג האָט ער געטראָפען אַ גאַנצע איבערקערעניש, די שנור איז ארומגעגאַנגען אַ פאַרוויינטע, אַ ברוגז'ע און נישט געענטפערט אויף דעם אַלטענ'ס גוט מאָרגען.

— וואָס איז געשעהן? — האָט דער אַלטער אויסגערופען אַ דערשראָקענער.

— געהט שוין, געהט מיט אייער פרומקייט! — האָט די שנור זיך געבייזערט.

— וואָס איז? וואָס האָט פּאַסירט?

— געהט קוקט אָן בענעלע'ן, וועט איהר געוואָר ווערען.

דער אַלטער איז אריין מיט שנעלע טריט אין בעני'ס רום, וואו בעני איז געלעגען דאָס פּנים באַלייגט מיט נאַסע טיכער, אַ פאַרשוואָלענער, אַ צעשלאָגענער.

— וועה איז מיר! וואָס האָט פּאַסירט? בענעלע! ווער האָט עס דיר געטאָן? — האָט דער אַלטער מיט אנגסט געפרעגט.

— ער איז שיער דער'הרג'עט געוואָרען דורך אייך! — האָט די שנור געשריען.

— דורך מיר? — האָט דער אַלטער געפרעגט פאַרוואונדערט.

— יא, יא, דורך אייך! בענעלע האָט זיך פאַר אייך אנגענומען. פאַר אייער באָרד.

— פאַר מיר זיך אנגענומען? — דעם אַלטען איז ניט איינגעפאַלען, אז יענער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט אין קאַמפּף מיט דער חברה, איז גאָר זיין אייניקעל בעני.

— נו, זייט רוהיג, — האָט זיך דער זוהן אריינגעמישט — האָט ניט מורא, עס וועט אים גאָר נישט שאַטען. ער האָט ניט געקענט צוזעהן קינדער פון סטריט טשעפּען דיך, איז ער ארויס און האָט זיי איינגעטהיילט אַ מנה יפה און אליין האָט ער אויך נישט דערלייגט.

דער אַלטער ר' פייוועל איז געבליבען שטעהן אָהן לשון פון פאַרוואונדערונג, אז אָט דער ניט־אידיש געלערענטער איינגעל, וואָס האָט נישט קיין אידיש פנים, האָט זיך אנגענומען פאַר'ן זיידענ'ס כבוד, עס האָט אים ארומגענומען אַ וואַרימקייט ביים הארצען, ער איז דאַן צו צום באָי, האָט אים ארומגענומען און באַדעקט מיט הייסע קושען.

— דו, דו מיין קינד! דו האָסט זיך אָנגענומען פאַר דיין זיידען? דו ביזט דאָס געווען דער יונגערמאַן, וואָס האָט צוטריבען זיי? אָה קינד מיינס! טייערעס.

— יא, גרענד־פּאַ, איך נעם זיך אָן פאַר יעדען איד, אז איך זעה ווי מען טוט אים שלעכטס און ווען דו וואָלסט נישט געווען געוועזן מיין זיידע, וואָלט איך דאָס אויך געטאָן, ווייל ווען איך בין זיך געגאַנגען אננעמען פאַר דיר האָב איך אפילו ניט געקוקט, וואָס פאַר אַ איד עס שטעהט דאָרט אין געפאַהר.

# צו שפּעט

הערי פיינמאַן און סיימאַן קארמינסקי האָבען געשטאַמט פון אַ רוסיש קליין שטעדטעל. נאָך אין דער היים זיינען זיי געווען נוטע פריינד, פון איין גאַס, פון איין חדר, פון איין שוהל. צו־זאמען זיינען זיי געקומען אין אמעריקא, געוואוינט אין איין רום, צוזאמען געליטען, צוזאמען זיך געפּרעהט.

קארמינסקי איז געווען דער געגענזאַץ פון זיין פריינד: ווערענד סיימאַן איז געווען אַ פּרעהליכער, לוסטיגער יונגערמאַן, איז הערי געווען סאָליד, שטיל, געלאַסען. וויפיעל ער האָט פאַרדינט, האָט ער אַלעמאָל אָפּגעשפּאָרט אַ דאָלאַר, סיימאַן אָבער האָט קיינמאָל ניט געהאַט גענוג.

איינמאָל האָט הערי דערצעהלט זיין פריינד אַ סוד: ער האָט זיך באַקאַנט מיט אַ פיינער מיידעל און ער דענקט, אַז עס וועט זיין אַ פּאַסענדער שידוך פאַר אים.

סיימאַן האָט זיך אויסגעלאַכט: — ערשט אַ יאהר אין לאַנד! וואָס איז די גדולה מיט דיר? וואָס עפּעס פּלוצלונג חתונה האָבען? אַזאַ מיליאָנער ביסטו שוין געוואָרען? ביסט זיכער אַז דו וועסט קענען אַ פאַמיליע פאַרזאָרגען?

— איך טראַכט גאָרניט אַזוי ווייט, — האָט הערי געענטפערט — פאַר דער ערשטער צייט האָב איך גענוג געלד און שפּעטער וועל איך טאָן, וואָס אַלע פאַרהייראַטע מענער טוען — ארבייטען און פאַרזאָרגען מיין פאַמיליע. די הויפּטזאַך איז, אַז איך האָב געקראָגען אַ שעהנע, ליבע מיידעל.

— קוק זיך נאָר גוט ארום, וואָס דו טוסט, — האָט אים זיין פריינד געווארענט — זאָלסט שפּעטער קיין חרטה ניט האָבען.

דערביי האָט אים סיימאן געמאכט א חשבון, אז ער וועט שפּעטער דארפען צופיעל ליידען פון דער פאמיליע. אָט איז זיין פרייהייט שוין געשטערט פון דער פרוי, וועלכע וועט איבער אים הערשען, און דאָן דער מאטעריעלער צושטאנד. עס וועט זיך אנ־פאנגען א לעבען פון קריגערייען, רייסערייען. עס וועט קומען א רענט, א געז־ביל, א בוטשער, א גראָסערי, און נאָך אזעלכע זאכען, וועגען וועלכע א סינגעל־מאן האָט וויינעגער צו זאָרגען.

עס איז אָבער שוין געוועזען צו שפּעט. הערי האָט זיין מיידעל צופיעל געליבט און כאָטש דעם פריינד'ס ווערטער האָבען גע־קלונגען אין זיינע אויערען און געשטאָכען אין הארץ, האָט ער זיך ניט געקענט פון דער ליבע אָפּזאָגען. דערפאר האָט ער לאנג ניט ספּעקולירט און האָט חתונה געהאט.

ווען עס איז אים שפּעטער אויסגעקומען אמאָל אן ענגע צייט, האָט ער זיך געהיט פאר סיימאנ'ען א וואָרט צו זאָגען, ער זאָל אים ניט מאכען די פאָרוואורפען. סיימאן פלעגט אָבער די לאגע אליין באמערקען און האָט ניט איינגעהאלטען זיינע באמערקונגען.

— אודאי האָב איך עס פריער געוואוסט. עס איז ניט אזוי גרינג צו ווערען א פאָטער פון א פאמיליע. איך האָב דיר געזאָגט, אז דו וועסט דיך דארפען פלאגען.

— עס איז אָבער ווערט זיך צו פלאגען פאר אזא פרוי ווי מיינע און פאר אזעלכע צוויי ליבע קינדערלאך, — האָט הערי געענטפערט און ניט געוואָלט אננעמען קיין הילף פון זיין פריינד.

סיימאן קארמינסקי האָט צוגעגעבען, אז זיין פריינד האָט ווירקליך אנגעטראָפען אויף א פיינע פרוי. ווען ער זוכט, וואָלט ער אפשר נאָך אזוינע געטראָפען. אָבער ער האָט זיך איינגערעדט,

אז א סך אַזעלכע פיינע געפינט מען ניט אַזוי גרינג און זוכען האָט ער ניט געוואָלט. ביסלאכווייז האָט ער זיך דערשלאָגען צו א בעסערען צושטאנד. ער האָט אנגעהויבען האנדלען און פאר־דינען שעהנע געלד און מיט פינף יאהר שפּעטער איז ער אריינ־געטראָטען אין ריעל־עסטייט ביזנעס.

הערי פיינמאן האָט ווייטער געלעבט אין ענגע מאטעריעלע באדינגונגען, איז אָבער געווען גליקלאך. די שווערע ארבייט פלעגט אים דאָך אויסמאַטערען און ער איז אמאָל געפּעהרלאך קראנק געוואָרען.

— ווי פיהלסטו זיך היינט? — האָט אמאָל סיימאן געפרעגט זיין פריינד, וועלכער איז נאָך געווען זעהר שוואך פון א לונגען־אנטצינדונג.

— א דאנק גאָט! — האָט דער קראנקער געענטפערט מיט א שוואכער שטימע און דערלאנגט זיין פריינד זיין אָפּגעצערטע האנד. — זעץ זיך. ווי געפעהלט דיר, וואָס איך האָב געמוזט דורכמאכען? — האָט ער אָפּגעזיפצט.

— אבי ס'ווערט דיר בעסער. זאָרג ניט. זיי נאָר געזונד, און אַלץ וועט זיין „אלרייט."

— איך זאָרג ניט, וואָס וועט מיר דען ארויסקומען פון זאָרגען. און וואָס מאכסטו? ווי פיהלסטו?

— איך — האָט סיימאן איבערגעפרעגט מיט א שמייכעל. — איך זאָרג אויך ניט. מיינע „ביזנעס" זיינען „אלרייט," הלואי אויף דיר געזאָגט. מיך אינטערעסירט דיין געזונד.

— א דאנק. ס'איז „אלרייט." מיט דער צייט וועל איך ווערען א מענש — האָט הערי ביטער געשמייכעלט.

— איי, איי, א מענש... נו יא, דו האָסט דאָך געוואָלט זיין קליגער פון א סך אנדערע.

— מיר קענען קיינמאָל ניט אויסרעכענען וואָס שפּעטער וועט זיין.

— ניט שווער אויסצורעכענען...

— גענוג דערפון צו רעדען. אָט קומט זי...

דאָ איז אריינגעקומען הערי'ס פרוי, א שעהנע ברונעטקע, פול מיט חן און מיט א ליבען שמייכעל, כאָטש מיעד פון דעם מאנ'ס קראנקהייט. זי האָט באגריסט דעם גאסט, צוגעקומען צום מאנ'ס בעט, זיך אריבערגעבויגען איבער דעם קראנקען און ווי א געטרייע מוטער צערטליך ארויפגעלעגט איהר האנד אויף זיין שטערען.

— ווילסטו עפּעס, הערי? א ביסעל מילך?

— ניין, טייערע, כ'האָב ניט לאַנג געטרונקען, מינעלע האָט מיר דערלאנגט.

— שוין צייט צו נעמען די מעדיצין! — האָט זי זיך א כאַפּ געטאָן, א קוק טוענדיג אויפ'ן זייגערעל.

דער קראנקער האָט מיט ליבע געדריקט איהר האנד.

— זעהסטו, מיין פריינד, — האָט ער זיך געווענדעט צו סיימאנ'ען, — ווען ניט זי, וואָלט איך שוין איצט געווען א קאנ־דידאט אין הימעל. זי איז מיין מלאך. צעהן מאמעס קענען עס פאר זייער קינד ניט טאָן, וואָס זי טוט פאר מיר. זי שלאָפט ניט, עסט ניט, האָט נאָר מיך אין זינען. גאָט זאָל העלפען, איך זאָל עס איהר קענען אין פריידען אָפּדינען.

— שא, שא, הערי'לע, שטרענג זיך ניט אָן! — און זי האָט אים א קוש געטאָן אין שטערען. — איך וויל גאָר ניט, איך וויל נאָר דיך זעהן געזונט, וועל איך שוין אַלץ האָבען. איז דען ניט אזוי? — האָט זי זיך געווענדעט צו סיימאנ'ען, וועלכער איז געזעסען מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ און שטיל מקנא געווען זיין

פריינד מיט דער ליבע און אויפּאָפּפערענדער טרייהייט פון זיין פרוי.

— אודאי, אודאי, — האָט ער זיך אָפּגערופען. — צוערשט זיי געזונט, דאַן וועט אַלץ גוט זיין.

— איך זאָרג ניט, וואָס ס'וועט זיין שפּעטער. איך זאָרג זיך נאָר פאַר אצינד. איך וויל אים נאָר זעהן אויף זיינע פיס. ער איז נעבאך אזוי אָפּגעשוואכט. אָבער אזוי ווי די געפאהר איז שוין פאַראיבער, האָף איך, אַז ער וועט צו זיך קומען, — האָט זי מיט גלויבען געזאָגט און געגלעט זיין צושויבערטען קאָפּ האָר.

— פאַרוואָס האָט איהר אים ניט געלאָזט נעמען אין שפּיטאָל אריין, ווען איך האָב אים געוואָלט אוועקפיהרען? — האָט סיימאָן געפרעגט. — איך האָב דאָך געוואוסט, אַז עס וועט פאַר אייך זיין צו שווער ארומצוגעהן ביי אזא ערנסט קראַנקען.

— ניין, איך וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטען! — האָט זי אויסגערופען. — זעכצען נעכט האָב איך מיך ניט אויסגעטאָן, אָבער איך נעם עס פאַר ליב, אבי איך זאָל אים זעהן אין אַ בעסערען צושטאַנד. איך בין אפילו ניט צופיעל מיעד...

— איהר זייט טאַקע אַ טרייע, איבערגעגעבענע פרוי, — האָט סיימאָן זי געלויבט. — מיין פריינד האָט זיך אין אייך ניט גענארט — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל.

— אַזוי דאַרף זיין, מר. קאַרמינסקי. איך דענק גאָר ניט, אַז איך בין אַן אויסנאַם צווישען פרויען.

— דענקט איהר, מרס. פיינמאַן, אַז צווישען פריינד קען אויך זיין אַזאַ שטאַרקע פריינדשאַפט? — האָט זי קאַרמינסקי געפרעגט, ווייל עס איז אים געפעלען דער ארגומענט.

— צווישען פריינד קען געבען אַ זעהר שטאַרקע פריינדשאַפט. פריינד קענען זיך זעהר ליב האָבען און זיין איבערגעגעבען, געטריי,

צוטיילען זיך מיט דעם לעצטען ביסען. אָבער עס קאָן זיך מאכען, זיי זאָלען זיך ווערען די גרעסטע שונאים און איינער דעם אנדערען ווינשען דאָס ערגסטע. און ווייסט איהר ווען? זאָל איך עס זאָגען אָפען? וועט איהר ניט ווערען בייז, ווען איך וועל אייך נעמען פאר א ביישפּיל?

— געוויס ניט. אדרבה, לאָמיך הערען אייער מיינונג. איך הער מיך זעהר גערען צו צו אייערע ארגומענטען, — האָט ער נעשמייכעלט און אין זיינע אויגען האָט א בליץ געטאָן א לייכט פייערעל. זי האָט עס באמערקט, זיך ניט וויסענדיג געמאכט, נאָר א טראכט געגעבען: ווארט, איך וועל דיר ארומפּליקען דיינע פעדערלאך...

— אָט צום ביישפּיל, איהר זייט מיין מאַנ'ס בעסטער פריינד. איהר זייט גוטע פריינד נאָך פון דער היים. איך ווייס, אז איהר האָט העריי'ן א סך געהאָלפען, און איך ווייס, אז איהר וועט אים צו יעדער צייט וועלען העלפען, ווען ער וועט נאָר דארפען שטיצע. איך ווייס עס און בין אייך זעהר דאנקבאר דערפאר.

יענער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געשמייכעלט.

— אָבער ווען עס מאכט זיך א געוויסער פאַל, — האָט זי ווייטער גערעדט, — און איך זאָג עס נאָר, ווייל איך בין זיכער, אז דער פאַל וועט קיינמאָל ניט פאָרקומען, ווען צום ביישפּיל מיין מאַנ'ס טרייסטער פריינד פארליבט זיך אין מיר, בין איך זיכער, אז ער וואָלט פארגעסען אָן דער גאַנצער פריינדשאפט און וואָלט געזוכט א וועג מיך צו קריגען. ער וואָלט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו ווען עס האָט געהאנדעלט זיך אין זיין פריינד'ס לעבען. ער וואָלט ניט פארגינען זיין פריינד דאָס גליק צו לעבען מיט דער יענינער, וואָס ער ליבט.

— אין ליבע איז עפּעס אנדערש, — האָט קארמינסקי גע־זאָגט. — דאָ האָט איהר אפשר רעכט און אפשר ניט. אויב ער

איז אַ טרייער פריינד, וואָלט ער געטאָן אַלעס די ליבע צו דער־שטיקען און זיך פון זיין פריינד ניט שיידען.

— יא, ער קאָן עס. אָבער עס וועט זיך פאַר'גנב'ענען אַ געדאַנק און זיך פּלאָנטערען אין זיין פארליבטען מוח, אז ווען יענער זאָל ניט עקזיסטירען, וואָלט ער געווען דער גליקליכער און וואָלט געקאָנט געניסען פון זיין ליבע.

— עס קאָן זיין, איך וועל זיך נישט שפּארען.

הערי האָט הנאה געהאַט פון צוהערען זיך צום געשפּרעך און איז געווען צופרידען, דאָס זי האָט איבערצייגט דעם פריינד.

---

עס זיינען אוועק אַ פּאָר יאהר. סיימאַן קארמינסקי איז זעהר רייך געוואָרען, האָט פארמאָגט הייזער, שלעסער, דינסטען, געוואָרען דער גרויסער ריעל־עסטייטניק, באַקומען אַ גרויסע באַ־קאַנטשאַפט און פיעל פריינד, וועלכע האָבען אים גע'חנפ'עט. אז ער איז אריינגעקומען צו אַ פריינד, האָט מען ניט געוואוסט, וואוהין אים אוועקצוזעצען, און וואָס אים צו געבען. ער האָט געלעבט אַ פרייער, אַ צעלאָזענער. אָן אַ פארהייראטען לעבען האָט ער אינגאנצען פארגעסען, ניט געוואָלט געשטערט ווערען אין זיין פרייהייט. געלד האָט אים ניט געפעהלט, האָט אים אַ פרוי אויך ניט געפעהלט.

מיט הערי'ן האָט ער זיך איצט זעהר זעלטען געטראָפען. אמאָל צופעליג באגעגענט, אויף אַ מינוט זיך אפּגעשטעלט און געפרעגט:

— וואָס מאכסטו?

— און וואָס מאכסטו? גוד־ביי.

און די יאהרען זיינען דערווייל געגאנגען. קארמינסקי איז שוין אריבער די פופציגער; ער האָט דערפיהלט אַ מידקייט אין

זיינע גלידער, האָט שוין פארלאָרען די לוסט צום פרעהליכען לעבען. אלץ האָט עפּעס פארלאָרען דעם גלאנץ, דעם רייץ. ער האָט אנגעהויבען מעהר צייט צו פארברייגגען אין זיין רייכער היים און זיך דערפיהלט אַן איינזאמער, אַן עלענדער. דערצו איז ער נאָך קראנק געוואָרען.

געקומען זיינע פריינד און אים אוועקגעפיהרט אין אַ שפּיטאָל אריין. ער איז אָפּגעלעגען אַ פיר וואָכען און איז אוועק אין קאָנטרי זיך צו ערהאָלען פון זיין קראנקהייט, אָבער זיין געזונט איז געבליבען אונטערגעגראָבען ווי אַ בוים וואָס פאנגט אָן צו דארען. אין זיינע ביינער און אין זיין בלוט האָט זיך אָפּגערופען דער גיפט פון זיין פארשווענדערישען לעבען.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון דער קאָנטרי, האָט אים די רייכע היים אויסגעקוקט פּוסט און אונהיימליך. אלץ האָט אויס־געזעהן אין זיינע אויגען, ווי עס וואָלט געווען פארנאכלעסיגט און ווי עס וואָלט אין הויז געפעהלט אַ געטרייע אויפפּאסערין. די דינסטען זיינען אים געווען אפשטויסענד. ער האָט קוים געקאָנט עסען, וואָס זיין אַלטע קעכין פלעגט פאַר אים צוגרייטען.

דאָן האָט ער פארשטאנען, וואָס פאַר אַ גרויסען פעהלער ער האָט אין זיין לעבען באגאנגען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פריינד הערי פיינמאן, אָן דער צייט ווען ער איז געווען קראנק און אָן דער הארציגער ליבע און טריישאפט פון זיין פרוי, וועלכע האָט געוואכט איבער אים ווי אַ גוטער מלאך, ביז זי האָט אים פון די נעגעל פון טויט ארויסגעריסען. אָט זיי זיינען גליקלאך, כאָטש אָרעם. ווי שטארק זיי ליבען זיך! וואָס פאַר אַ שעהנע, טייערע קינדער זיי האָבען...

— מיט מיין גאנץ פארמעגען קען איך איצט דאָס גליק ניט קויפען, — האָט ער טרויעריג געטראכט. — וואָס איז מיר איצט געבליבען פון מיין לעבען? אַ שמוציגע, ווייסע פּעסט, וואָס

גריזשעט דאָס הארץ און פרעסט דעם מארך פון די ביינער...
און סיימאן האָט שווער אָפּגעזיפצט און מקנא געווען זיין אָרימען פריינד.
אָבער צו שפּעט איז געקומען זיין חרטה.

# די שטרעבונג

שטיל ווי אויף א בית עולם. א פינסטערע, שרעקליכע נאכט. אונטער פארמאכטע לאָדענס ביי א חלב'ן ליכטעל איז געזעסען דער זיידע ר' יעקב; נעבען אים — ישראל'צע, און ביידע האָבען אָפּגעריכט חצות.

— דו גרויסער, מעכטיגער באשעפער פון דער וועלט, — האָט געבעטען דער זיידע דורך פּסוקים און אויפגעהויבען די הענט ווי צו דערלאנגען דעם כסא הכבוד, און זיין קול האָט געציטערט, פול מיט תחנונים און געבעט צום אלמעכטיגען באשיצער, און מיט גרויס בטחון, אז אויך איצט וועט ער העלפען זיין פאָלק, ווי ער העלפט און באשיצט תמיד זיינע קינדער פון געפאהר, זאָל ער זיך מרחם זיין און העלפען זיינע קינדער, וואָל וואָגלען ארום ווי בלאָנדזשענדע אין א וויסטען מדבר פון דער שרעקליכער נויט.

— דו הארר פון דער וועלט! פארלאָז ניט די קינדער ישראל! מיר האָבען ניט קיין אנדערען באשיצער. זעה פאָטער אין הימעל, ווי דיינע אויסדערוויילטע קינדער ווערען פארלעהנט צווישען די חיות, און קיינער, א חוץ דיר, קען אונז ניט העלפען.

מיט אזוינע תפילות און הייסען געבעט האָט דער אלטער זיידע פארגאָסען טייכען טרערען. און ישראל'צע איז געזעסען שטיל, און באטראכט דעם זיידען, זיין איינגעבויגענעם, שלאַפען קערפער, זיינע אויסגעדארטע גלידער, זיינע טיפע, שווארצע אויגען און די ווייסע באָרד, די קנייטשען אויף זיין הויכען שטערען, וואו עס האָט זיך דערקענט דעם גלות־איד... דאָס אלעס האָט אנגע־טריבען א שרעק אויף דעם יונגען בחור'ל.

— וואָס זאָגסטו ניט, ישראל'צע?

— איך קען ניט זאָגען מעהר...

— זאָג, מיין קינד, זאָג, בעט צו השי"ת ער זאָל אונז העלפען. אין זיין האנד ליגט די ישועה...

— זיידעניו, איך קען ניט. אָט די מעשות, וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט פון די גרויסע צרות, וועלכע אונזער פאָלק האָט זיך אויסגעשטאַנען זייט דעם ביטערען גלות, לאָזען מיר ניט...

— יא, קינד מיינס, אָבער מיט דעם בטחון צו גאָט זיינען זיי אַלע מאָהל געהאָלפען געוואָרען.

— און ווי זיינען יענע געהאָלפען געוואָרען, וואָס זיינען עפענטליך פארברענט געוואָרען אין מארק אויפ'ן שייטער־הויפען? — האָט ישראל'צע ארויסגערעדט מיט ביטערניש, — און די, וואָס מען האָט געמאַטערט אין די קעלערס פון דער שפּאַנישער אינ־קוויזיציע, וועלכע האָבען זיך מוסר נפש געווען צוליב דעם גלויבען? און וואָס הערט זיך מכח די היינטיגע מאַטערנישען, שלאַכטערייען, פארפאָלגונגען, ארויסווייזונגען פון לאנד צו לאנד? אוי, זיידעניו, עס איז שרעקליך! עס איז שון צופיעל, נישט מענשליך אריבער־צוטראָגען!...

— שאָ, שא, קינד מיינס, רעד ניט אַזוי, דאָס איז אַ לעס־טערונג געגען גאָט. ווי ער פיהרט, אַזוי איז רעכט, און מיר דארפען עס אננעמען פאר ליב. דען וואָס מעהר מיר ליידען, אַלס גרעסער וועט זיין דער שכר בעולם הבא...

— הא! — האָט ישראל'צע מיט ביטערניש ארויסגערופען, — דאָס הייסט ווי זיך אליין מיאש זיין פון לעבען און איבערגעבען אַ גאַנץ פאָלק צום אונטערגאנג... ניין! זיידע, דאָס טאָר ניט זיין. מיר דארפען זיך ניט פארלאָזען אויף נסים, מען דארף עפּעס טאָן!

— נאריש קינד וואָס דו ביסט, היציג קינד. וואָס קענען מיר דען טאָן? מיר זיינען אַ קליין הייפעלע, צוזייעט און צושפּרייט אויף שבעה ימים. דאָס איז אונזער גורל, זייט דער גלות האָט זיך אנגעפאנגען. אָבער שאַ... האָסט געהערט? דאכט זיך, טריט פון אַ מענשען.. אין אַזאַ שפּעטער צייט...

— נו, וואָס האָסטו זיך דערשראָקען?

— אַזוי שפּעט קומען ניט קיין מלאכים, — האָט דער זיידע מיט אַ ביטערען שמייכעל ארויסגערעדט.

— נו נעם עפּעס אין האנט, און איך וועל אויך עפּעס נעמען, וועלען מיר זיך פארטיידיגען.

— האָסט אַ טעות, מיין קינד. ווי קענען מיר, צוויי שוואכע מענשען, זיך פארטיידיגען? ווער ווייסט וויפיעל זיי זיינען?

— נישקשה, וועלען מיר כאָטש אונזער לעבען ניט ב י ל י ג אַוועקגעבען.

— וואָס רעדסטו, גאָט איז מיט דיר! ווי קען איך דיין טייער, יונג לעבען איינשטעלען? איך האָב שוין קיין מורא ניט, איך האָב שוין מיינס אָפּגעלעבט, אָבער דו? ניין, לאָמיר גאָט בעטען, ער וועט אונז העלפען, ער וועט אונז ווייזען אַ וועג, ווי מיר זאָלען זיך ראטעווען. — און דער אַלטער האָט זיך ווידער גענומען צום ספר'ל.

אָבער ישראל'צע האָט צוגענומען דאָס ספר'ל פון זיידענ'ס הענט און מיט עקשנות ארויסגערעדט:

— צו שפּעט, זיידע, מיר מוזען זיך אָדער ראטעווען, אָדער פארטיידיגען.

— נו, נו, אדרבא, ווי קענען מיר זיך ראטעווען? סיידען זיך ערגעץ באהאלטען.

— ניין, אין הויז קענען מיר זיך ניט באהאלטען. זיי וועלען דאָס הויז אונטערצינדען, דאָס איז זייער שעהנסטער שפּיל צו זעהן יעקב'ס הויז אין פלאַמען.

— ביסט גערעכט, מיין קינד, ביסט גערעכט. אלי, גאָט אלמעכטיגער, באשיצער, באוויוז דיין נס!

— קום, זיידע, קום! פאַרלאָז זיך ניט אויף קיין נס!

און מיט אַ הינטער־טיהרעל זיינען זיי ביידע ארויס אין דער פינסטערער נאכט. דער אלטער, מיטנעמענדיג דאָס ספר'ל, האָט זיך געשלעפּט האנט ביי האנט מיט'ן יונגען איבער פעלדער, גריבער און בערגער. געשלעפּט האָט זיך דער אַלטער מיט שוואַכע טריט, אנהאלטענדיג זיך ביים יונגען, קרעפטיגען ישראל'צעס האנט. טריט ביי טריט זיינען זיי אוועק אַ שטיק אין די פעלדער און האָבען גערענקט, אז זיי זיינען שוין געראַטעוועט.

— שוין ניט ווייט צו טאָג, וועלען זיי אונז דערזעהן. — האָט דער זיידע מיט אנגסט ארויסגערעדט.

— ביז טאָג וועלען מיר זיך דערשלאָגען צו אַ זיכערען אָרט, — האָט ישראל'צע געטרייסט דעם זיידע'ן, און פאַמעלאך האָבען זיי זיך געשלעפּט אַליין ווייטער און ווייטער. דער אַלטער איז אָבער פארשלאַפט געוואָרען און ווען ניט די קרעפטיגע האנט פון אייניקעל, וואָלט ער זיכער ניט אויסגעהאַלטען.

עס האָט אנגעהויבען טאָגען. דאָ האָבען די ווילדע, בייזע מחנות דערזעהן דעם אַלטען זיידע'ן מיט'ן אייניקעל, ווי ער שלעפּט זיך און וויל זיך צוזעצען. זיי האָבען זיך געלאָזט זיי פּאַקען, און מיט קולות, ווי זיי וואָלטען געוואָלט אַ פעסטונג איינגעמען, האָבען זיי זיך געלאָזט זיי נאכיאָגען.

— ראַטעווע זיך, ישראל'צע, — האָט דער זיידע געבעטען, — זעהסט דאָך מיר זיינען פאַרלאָרען!

— נאָך ניט, זיידע, איך וועל דיר ניט לאָזען.

— איך האָב קיין כח ניט מעהר. אנטלויף, קינד מיינס, און גאָט זאָל דיר העלפען! — און דער אַלטער איז געפאַלען צום באָדען.

פאַר זייערע אויגען, ניט ווייט, האָט זיך אויפגעהויבען אַ הויכער באַרג, מיט קוסטען באוואקסען. ישראל'צע האָט א נעם געטאָן דעם זיידען אויף זיינע פּלייצעס און אים אריבערגעוואָרפען ווי עפּעס אַ בינטעל און ארויסגערעדט:

— דו ווילסט ניט געהן, וועל איך דיך נעמען מיט געוואַלט און איך וועל דיך אוועקטראָגען.

דער אַלטער האָט געבראָכען די הענט און זיך געבעטען דער אייניקעל זאָל זיך רעטען און אים איבערלאָזען— ער וועט זיך ביי זיי אויסבעטען. אָבער ישראל'צע, ניט ענטפערענדיג קיין וואָרט און סאפּענדיג אונטער דער שווערער לאַסט, האָט געשפּאַנט ווייטער און ווייטער, און אַ דאַנק זיינע יונגע קרעפטען האָט ער דערגרייכט דעם באַרג, זיך ארייננעקליבען צווישען די קוסטען, אוועקגעלעגט דעם אַלטען אונטער דעם שאָטען פון א יונגען בוים. אליין האָט ער געשטיגען העכער און העכער ארויף באַרג. מיט מיה האָט ער פאָרטגעזעצט זיין שווערען וועג.

די זון איז ארוים, האָט זיך באַוויזען אונטער דעם באַרג אַ רויטע, אַן אנגעצונדענע, אנצייגענדיג אויף אַ הייסען טאָג. ישראל'צע איז געשטיגען אַלץ העכער און העכער, ביז ער האָט דערקלעטערט צום שפּיץ באַרג. ער האָט געוואָלט זעהן פון אויבען די מחנה, וואָס האָט זיך נאָך זיי געיאָגט. ער האָט זיי געזעהן שטעהן אונטען מיט נארישע פּנים'ער. עס האָט זיי גוט פאַר־דראָסען וואָס זיי האָבען פאַרלאָרען אזא טייערע מציאה, ווי צו צופּען אזא שעהנע באָרד און אומברענגען דעם קרעפּטיגען, קלוגען יונג „סרולקע,“ ווי זיי האָבען אים גערופען.

און ישראל'צע איז געשטאַנען אויבען און טריאומפירט געגען דעם שונא. די באַנדע פאַרפאָלגער האָבען אים דערזעהן אויפ'ן שפּיץ באַרג, באַגאָסען מיט זונענשיין, דאָס פּנים א שטראַהלענ־דיגעס פון נצחון.

עס האָט זיי אָנגעכאַפּט א גרימצאָרן. מיט צייהן־קריצעניש און מיט געפּאַלטע הענט האָבען זיי געקוקט צום דעם קליינעם זשידיוג. אזא קליינער זאָל זיי אָפּנאַרען... אָבער פאַרפאַלען. העלפען האָבען זיי זיך ניט געקענט. אים ארונטערשלעפּען פון אזא הויך איז שוין ניט מעגליך געווען, זיי האָבען געפּרופּט אים ארונטערצונאַרען. אָבער ער איז ניט געווען קיין נאַר, געשטאַנען און געלאַכט זיי אין די אויגען אריין...

זיי האָבען געפּרופּט ארויפקלעטערען צו אים, אָבער שווער באַלאָדען מיט אידישער רויב, איז זיי געווען אונמעגליך ארויפצו־שטייגען אין דער הויך.

— א קלוגער יונג, דער קליינער זשידיוג.

— גאָר א קלוגער, — האָט א צווייטער פון דער מחנה באַשטעטיגט. ער וואָלט געקענט זיין א גרויסער מאַן, ווען ער געהט אריבער צו אונז.

— מיר ווילען אים רופען, — האָט א דריטער געזאָגט.

— קום נאָר ארונטער, דו חכם מיינער!

— אזוי ווילסטו?

— איך באַפעהל עס דיר, קום ארונטער!

— איי, זיי ניט קיין נאַר, — האָט ישראל'צע מיט א שמייכעל געענטפערט, א באַדעקטער אין גאַנצען מיט דער גאָלדענער זון. — דו באַפעהלסט מיר?

— יא, ווייסטו וואָס? — האָט דער עלטסטער פון דער באנדע אויסגערופען, — איך זעה, דו ביסט א קלוגער קאָפּ, קום צו אונז, מיר וועלען דיר מאַכען פאַר אונזער עלטסטען. קום, וועלען מיר שליסען פרידען. קום ארונטער!

— אונטען שליס איך ניט קיין פרידען. אָט דאָ אויבען, וואו איך האָב זיך דערשלאָגען, קלעטער אויך ארויף צו מיר, וועלען מיר שליסען פרידען.

— פאַר אונז איז עס שווער אייך צו דערגרייכען!...

— וואָס בין איך שולדיג?

— ווארט־זשע, ביז איך וועל קומען...

— דאָס זאָג איך דיר ניט צו, ווייל איך האָב אַן אונרוהיגע נאטור צו קלעטערען העכער און העכער...

— דו האָסט אָבער שוין דערגרייכט א הויכען פונקט...

— דאָס איז מיין אייביגע שטרעבונג....

און מיט טריאומף האָט ער ארויסגענומען א קליינעם אידישען פאָהן און זיך צוזונגען מיט א הארציגער שטימע:

— כל עוד בלבב פנימה...

# אַ קרבן פון סטרייק

שוין פון אַ צייט אַז די ארבייטער פון גרופּע 1 אין שומסקי'ס וואַקס־פאַבריק אין בּאָריסלאַוו זיינען געווען אויפגערעגט. עס האָט געהערשט אַ פּיינליכע געדריקטע אַטמאָספערע. עס האָט געמוזט קומען דער טאָג צו פאָדערען גערעכטיגקייט — העכערע ווייזשעס און די הויפּט זאַך, בעסערע אָרדנונג, גוטע איינריכטונג אין די אונטערערדישע וועגען, שטאָלינעס, אפילו דער אינזשעניר האָט צוגעגעבען, אַז עס קען ווען עס איז זיין אַ גרויסע קאטאסטראָפּע, ווייל די צעמבערס זיינען צעפּוילט און קענען זיך ארונטעלאָזען.

מען האָט צוגעגעבען, אַז מען דאַרף מאַכען די נויטיגע פאַר־ריכטונגען, אָבער מען האָט זיך ניט געאיילט אָפּצוהאַקען די ארבייט אין מיטען און געהן זיך נעמען צו מאַכען אַ נייע איינ־ריכטונג. אין אַ וואַנט האָט זיך געצויגען אַ שטאַרקער פּאַס וואַקס און מען האָט עס ניט געוואָלט איבערלאָזען, ווייל דאָס האָט אַן אייגענשאַפט אינגאַנצען צו פאַרשווינדען. דעריבער האָט מען וואָס מעהר „יאמאַרעס“ (אונטערערדישע ארבייטער) ארונטערגע־שיקט ארויסצורייסען וואָס מעהר פון דער רייכער נאַטור. די „יאמאַרעס“ זיינען געווען אממייסטען יונגע, געזונטע מענער, פול מיט ענערגיע און קוראַזש, ווייל דאָרט איז די ארבייט אַ געפערליכע. דערפאַר האָבען זיי טאַקע באשלאָסען צו סטרייקען: זאָל מען זיי כאָטש גוט באצאָלען פאַר אזאַ אונמענשליכער ארביים.

די „יאמאַרעס“ האָבען געקענט אָפּזיין אַ פּאָר מעת־לעת אונטער דער ערד. דאָרט האָבען זיי פאַרבראַכט זייער לעבען, אין דער פינסטערניש, ביי אַ בוימעל־לאָמפּ געגעסען, געשלאָפען און

אפילו אין קאָרטען געשפּילט. מען פלעגט צו זיי ארונטערשיקען מיט אַ ווענעלע דאָס עסען, וואָס זייערע ווייבער האָבען פאַר זיי געבראַכט. עס האָט געקענט אוועקגעהן אַ וואָך צייט זיי זאָלען ניט אָנזעהן די ליכטיגע שיין פון דער וועלט און ניט אָנקוקען זייערע פרויען און קינדער.

אונטען האָבען זיך געצויגען רערען ארויף צו דער אויבערפלעך צו ווענטילירען די גאַזען און ארונטערצושיקען לופט פאַר די לעבעדיג באגראָבענע נפשות. אונטען איז נאַס און אַ שווערע קלעפּעדיגע בלאָטע, דערפאַר טראָגען די „יאמארעס" גומענע מאַנטלען ביז איבער די קעפּ מיט קאַפּיושאָנען. ווען אַ „יאמאר" פלעגט ארויפקומען פון דער טיפעניש פון דער אונטערערדישער פאַבריק, פלעגט מען ניט דערקענען צי עס איז אַ מענש אָדער עפּעס, ווי זיי פלעגען רופען „אַ טשאָרט," אַ רוח.

צווישען די „יאמארעס" איז געווען אַ יונגערמאַן מיט'ן נאמען פראַנץ קאָזיעל, פון אַן ערך 25 יאהר. ער איז געווען אַ שעהנער, געזונטער פּאָליאַק, פול מיט לעבען. ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבען אָרגאַניזירט דעם סטרייק. פראַנץ פלעגט אומדער־שראָקען ארויסזאָגען דעם פּריץ, וואָס ער האָט געפיהלט, און דערפאַר איז ער אַ סך מאָל שיער ניט אָפּגעשאַפט געוואָרען פון דער פאַבריק.

דאָס הייסט, אָפּשאַפען האָבען זיי אים זעהר געוואָלט, ווייל ער איז פאַר זיי געווען צו קלוג, און אויך געוואָלט אַנדערע קלוג מאַכען. מען האָט אָבער מורא געהאַט און אַ געוויסער מאָס אויך רעספּעקטירט זיין מוט און אומדערשראָקענהייט.

פראַנץ קאָזיעל האָט זיך געגרייט חתונה צו האָבען פאַר אַ יונגער מיידעל. שבת האָט דער סטרייק געזאָלט אויסברעכען און זונטאג האָט געזאָלט זיין די חתונה, צו וועלכער אַלץ אין שוין געווען פאַרטיג.

פרייטאג גאנץ פריה, פאר דער ארבייט, איז פראנץ געקומען צו זיין שעהנער כלה. ער פלעגט אָפט אזוי קומען זי זעהן, ווייל זיי זיינען געווען נאָהענטע שכנים.

— נו, געהט איהר טאקע מאָרגען ארויס אין סטרייק? — האָט העלענא געפרעגט.

— יא, מיין טייערע. זיי גיבען ניט נאָך, די הינט. מיר מוזען סטרייקען.

— און וואָס פאר א פאסקודנע ארבייט דאָס איז! — האָט זי מיט עקעל אויסגערופען.

— וואָס קען מען זיך העלפען, מיין זיסע העלענא.

— איך וואָלט וועלען דו זאָלסט לאנג דאָרט ניט ארבייטען. מיר וועלען זיך קויפען א שטיקעל גרונט אזו ווערען גאָספּאָדארעס ווי מיין פאָטער און מיין ברודער. מיר וועלען ארבייטען אויפ'ן פעלד און וועלען מעהר האָבען, ווי פון דער גאנצער ארבייט דיינער. פון דעם געציילטען קרייצער קען מען זיך ניט ארויפארבייטען.

— אפשר ביזטו גערעכט. מיר וועלען זעהן.

שבת אין דער פריה האָט זיך ביי העלענא'ן אין הויז גערודערט. די פאָרבאַרייטונגען צו דער חתונה זיינען אָנגעגאנגען. מען האָט געקאָכט, געבאקען. העלענא'ס פאָטער האָט אליין געקוילעט א יאלעווקע און א חזיר. עס זיינען זיך צוזאמענגעקומען קרובים און גוטע שכנים און געהאָלפען אלעס צורעכט מאכען. דערביי האָט מען ניט געזשאַלעוועט צו טרינקען. מען האָט זיך א היפּש ביסעל פאַר'שכור'ט און געזונגען פרעהליכע לידלעך. אין דעם אנדערען צימער איז געווען די כלה מיט עטליכע פריינדינס, וועלכע האָבען געזאָלט זיין איהרע דרוזשקעס. אלע זיינען געווען לוסטיג, מען האָט געלאַכט, געטאנצט און דערביי צורעכט געמאַכט דעם כלה־

שלייער און עס פארפוצט מיט פרישע מירטען. די געסט האָבען געמאכט וואולגארע באמערקונגען צו דער כלה, פון וועלכע זי האָט זיך גערויטעלט.

די מוטער איז ארייגעקומען און אריינגעבראכט א פלאש בראנפען מיט צוביים. צווישען די מיידלעך איז געוואָרען נאָך לעבעדיגער.

— נו, טרינקט געזונטערהייט, — האָט די מוטער צוגע־וואונשען, — אז איהר וועט חתונה האָבען, וועט מיין העלענא שוין זיין א באלעבאָסטע, אָבער זי וועט צו אייך קומען, זאָרגט ניט, זי וועט קומען, מיין העלענא איז א גוטע, — האָט די מוטער געפלאָנטערט מיט דער צונג שכור'לעך.

— געה אריין, מאמע, לאָז ניט איבער די געסט, איך וועל שוין זעהן זיי זאָלען טרינקען.

— אָבער דו טרינק ניט, העלענא, עס איז ניט שעהן, אז א כלה איז אנגעטרונקען — האָט די מוטער געווארענט.

— מאָרגען וועט זי ניט טרינקען ביז נאָך דער שלוב, — האָבען די מיידלעך געזאָגט, אָבער היינט מעג העלענא מיט אונז א ביסעל פארזוכען.

און זיי האָבען איהר אונטערגעטראָגען א גלעזעל מיט שנאפס. אלע האָבען אויפגעהויבען די גלעזלעך מיט א וואונש, ווען פלוצלונג האָט זיך דערהערט א פייפען פון אלע פאבריקען ווי א פייער אלארם. העלענא האָט ארויסגעלאָזען דאָס גלעזעל בראנפען פון דער האנט מיט א קרעכץ.

— וואָס איז? ! — האָט די מוטער דערשראָקען געפרעגט, און די מיידלעך זיינען געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט.

— דאָס איז דער סטרייק־סיגנאַל, — האָט העלענא געענט־פערט — איך האָב אַזוי מורא פאַר פראַנץ'ס לעבען! ער שטעלט זיך צו פיעל איין.

— עה, גנעה, וואָס זי האָט מורא! — האָט די מוטער געזאָגט. אָבער דאָס פייפען איז דאָך ווי אויף אַ פייער.

— פראַנץ האָט מיר היינט געזאָגט, אַז אַלע מאַשינען וועלען פייפען אַ טרעוואָגע, אַלס סטרייק־סיגנאַל.

— און דו דענקסט מען וועט אויספיהרען? — האָבען איהר די מיידלעך געפרעגט, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז פראַנץ דער־צעהלט איהר אַלץ.

— אודאי וועט מען זיי נאָכגעבען, — האָט זי מיט זיכערהייט געענטפערט, דען זי איז געווען איבערצייגט, אַז ווען פראַנץ זאָגט עפּעס, ווייס ער, וואָס ער זאָגט.

די פייפערייען האָט ניט אויפגעהערט. פאַר אַ לאַנגער צייט האָבען די מאַשינען געשפּיגען מיט רויך און זיך געלאָזט הערען ווי קלאָגעדיגע הינט, ווען זיי דערפיהלען אַ פּגר.

עס איז געוואָרען אַ געלאַף איבער די סקריפּעדיגע צובראָכענע הילצערנע טראָטוארען, וועלכע זיינען מיט אַ האַלבען שפּאַן העכער פון וועג. דער וועג ליגט דאָרט תמיד אין אַ געדיכטער קלעפּעדיגער בלאָטע.

קיין פייער האָט מען ניט געזעהן. פּלוצים איז געוואָרען אַ גוואַלט, אַז עס ברענט אין שומסקי'ס פאַבריק, אין די אונטער־ערדישע מינען, אין די שטאַלניעס, וואו עס ווערט געהאַקט דאָס וואַקס. די רערען זיינען צוזאַמענגעדריקט געוואָרען און די גאַזען האָבען עקספּלאָדירט.

— און די מענשען? — און די מענער? — און די ארבייטער?
— האָט מען פון אַלע זייטען געפרעגט אין שרעק, און געלאָפען צו דער פאַבריק. דער טויער פון דער פאַבריק איז געווען פארמאכט און גוט באַוואכט פֿון פּאָליציי און זשאנדארמען. מיט קאָלכעס· האָבען זיי געטריבען דעם עולם, וואָס האָט זיך געשפּארט צום אַריינגאַנג.

איינציגווייז האָבען זיך אנגעהויבען צו באַווייזען די געדע־טעטע. עס איז געווען זיי שווער צו דערקענען, סיידען מען איז צוגעגאנגען גאַנץ נאָהענט, ווייל זיי זיינען געווען איינגאנצען שווארץ פון בלאָטע און פון רויך. ארום יעדען איינעם, וואָס מען האָט ארויסגעלאָזען פון טויער, האָט זיך געלאָזט הערען אַ הילכיג געשריי. מען איז אים באַפאַלען, אים געקושט און געוויינט פאַר פרייד.

— וואָס הערט זיך? זיינען אַלע גערעטעט? זיינען נאָך אונטען געבליבען ארבייטער? — האָבען זיך געהערט אויסגעשרייען פון אַלע זייטען. אָבער דער געדעטעטער האָט ווייניג וואָס געקענט וויסען, ווייל ער אליין איז קוים מיט'ן לעבען אנטלאָפען, און אין זיין צוטומעלטקייט האָט ער אפילו ניט געוואוסט, צי ער איז דאָרט דער איינציגער געווען, אָדער עס זיינען נאָך אַנדערע דאָרט געבליבען.

ביז שפּעט פארנאַכט האָט געדויערט די רעטונגס־ארבייט. די פארוואונדעטע און צעברענטע האָט מען אָפּגעפיהרט אין שפּטאָל. מען האָט אויסגעפונען, אַז צוועלף זיינען אין דער קאטאסטראָפע אומגעקומען.

ווען העלענא האָט דערהערט, אַז עס ברענט אין דער וואקס־פאַבריק, איז זי ווי אַ ווילדע חיה געלאָפען איבער אַלע בלאָטעס ביז צו דער פאַבריק. ביים טויער האָט איהר באגעגענט אַ זשאנ־

דארם און איהר גראָב געפרעגט, וואָס זי שטופּט זיך. זי האָט אים ווילד אָנגעקוקט און געפרעגט:

— ווער האָט דיך דאָ געמאַכט פאַר א בעלעבאָס?

— איך וועל דיר שפּעטער דערצעהלען און איצט טרעט אָפּ.

— און אז ניט? — האָט זי ווילד געענטפערט — וואָס וועסטו מיר טאָן?

— איך וועל דיר צייגען וואָס איך קען טאָן. איך וועל דיך באַלד שליסען אין קייטען און דיך אָפּפיהרען אין ארעסט.

— זאָלסט עס נאָר וואַגען צו טאָן! — האָט זי מיט כעס געענטפערט — מיין פראַנץ וועט דיר צייגען, ווי דו דאַרפסט צו מיר ריידען...

— ווער זאָגסטו? — האָט דער זשאַנדאַרם איבערגעפרעגט.

— פראַנץ קאָזיעל, מיין חתן, ער וועט דיך שוין לערנען ווי צו ריידען צו א פרוי.

— פראַנץ קאָזיעל? — האָט דער זשאַנדאַרם גראָב איבער־גע'חזר'ט — ער קען מיר שוין גאָרנישט ניט טאָן.

— וואָס? — האָט זי מיט שרעק איבערגעפרעגט.

— אהא, — האָט דער זשאַנדאַרם געענטפערט, — ער ליגט שוין ווי א באַרג און קען זיך מעהר ניט רירען.

דער זשאַנדאַרם איז געווען גוט שיכור און האָט ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. ביי זיינע לעצטע ווערטער האָט העלענא יאָמערליך א קוויטש געטאָן און דאַן אנגעהויבען צו לאַכען.

שפּעט ביינאַכט האָט מען זי קוים אהיים געבראַכט.

העלענא איז אראפּ פון זינען.

מאנטאג איז געווען די באערדיגונג פון די צוועלף קרבנות, מיט אַ סך גלחים און בלומען־קרענץ. דאָס האָט די פירמע שומסקי אויף זיך גענומען.

דעם סטרייק האָבען די ארבייטער געוואונען.

# צוויי גאונים

איטשעלע און יענקעלע זיינען געווען צוויי גאונים, צוויי געראָטענע אינגלעך אין שטעדטעל.

ביידע גוטע קעפּ, שאַרפע מוחות, קלוג און פלינק צום איבער־נעמען, וואָס מען האָט זיי געלערענט, אָבער יעדער אויף זיין שטייגער.

איטשעלע איז געווען אַן איידעל אינגעל, געזעסען און גע־לערענט. זיין פּאָטער — אַ רייכער און אנגעזעהענער סוחר, אַ קהל טוער, אַ פילאַנטראָפּ, אַ בעל צדקה. אַלע האָבען אים געעהרט און געשעצט און, נאַטירליך, איז זיין זוהן געווען אין שטעדטעל באַליבט דורך זיינע פיינע עלטערען און דורך זיינע אייגענע מעלות. אַלע מאַמעס האָבען זיך געבענשט מיט אים.

יענקעלע איז געווען אַ שוסטער'ס אַ זוהן, און אַזוי ווי זיין פּאָטער, אַן אָרעמער לאַטוטניק, איז שטענדיג געווען פאַרנומען מיט דער שווערער האָרעוואַניע אויף פּרנסה, האָט ער זיך ווייניג אומגעקוקט אויף זיין יענקעלע'ן. און יענקעלע איז ארומגעלאָפען מיט שקצים פון די פאָרשטעדט און זיך גע'חבר'ט מיט די ערגסטע עלעמענטען. אין חדר איז יענקעלע ניט געגאַנגען, ווייל זיין פּאָטער האָט ניט געקענט באַצאהלען. און דעם שוסטער איז אפילו ניט איינגעפאַלען צו לאָזען יענקעלען עפּעס לערנען, ווייל קיין רב וועט ער במילא ניט ווערען, — פלעגט ער זאָגען, ווען מען פלעגט אים באַמערקען, אַז אַ היפּש אינגעל געהט ארום בטל.

יענקעלע אין ארומגעלאָפען פּוסט־און־פּאַס, אָפּגעריסען, אָפּ־געשליסען, באָרועס, מיט אַ געדיכטען שווארצען קאָפּ האָר און

האָט אויסגעקוקט שרעקליך. קליינע קינדער פלעגען פון אים אנטלויפען. שוואַנגערע פרויען פלעגען מורא האָבען אויף אים אַ קוק צו טאָן, זיי זאָלען זיך ניט פאַרקוקען.

קלוג און כיטרע איז ער געווען ווי אַ טייפעל. דער פאָטער פלעגט אים שלאָגען צום טויט, ער זאָל זיך אוועקזעצען און אים העלפען כאַטש עטליכע פלעקלעך ארייַנשלאָגען, ווייל וואָס וועט פון אים ווערען?

— וואָס וועט פון דיר ווערען, שקוץ איינער?! שוין פיער־צעהן יאהר אַלט. און שולדיג איז נאָר די מאַמע, אַ ניכפּע אויף איהר מיט דיר צוזאמען!

אזוי פלעגט ער אָפּשרייען און אים אנ'הרג'ענען ביז ברוין און בלוי. עטליכע טאָג פלעגט יענקעלע ניט קומען אין שטוב אריין — זומער איז געווען פאַר אים אַ פרייע וועלט, דאמאָלט האָט ער קיין דאגה ניט געהאַט. אַלע גערטנער זיינען פאַר אים אָפען געווען און עסען האָט אים ניט געפעהלט. אָבער ווינטער פלעגט אים די מוטער בגנבה ארויסטראָגען אַ שטיקעל ברויט.

דאָס איז אַלץ געווען, ווען ער איז נאָך געווען קליין און זיך גלאַט אזוי ארומגעטריבען. אָבער ווען ער איז גרעסער געוואָרען, פלעגט ער אָפּטאָן פערשידענע שפיצלעך אַלס אַ שטיפעריי און דער־מיט האָט ער אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף אַלעמען, און אום צו זיין זיכער פון יענקעלע'ס באַנדע, פלעגט מען זיך פשוט אָפּקויפען פון אים און דעמאָלט האָט אים שוין גאָר ניט געמאַנגעלט.

אזוי, צום ביישפּיל, האָט ער געקענט צוגעהן און אויסשפּאַנען פערד פון אַ וואָגען, ווען דער בעל־עגלה האָט זיך נאָר אוועק־געדרעהט. די פערד האָט ער אוועקגעטריבען אהיים, זאָגענדיג: געהט אייך, לאָשעקלעך, אהיים צו זיך אָפּרוהען... און באַלד האָט מען אים געזעהן אויפ'ן מאַרק אָפּבינדען קעלבלעך און זיי אוועק־

טרייבען. אָדער ער האָט געקענט עפענען די שטייגען און צולאָזען די היהנער איבער'ן מארק. עס פלעגט ווערען א געוואלט, א געפּילדער, א לויפעריי, א כאַפּעריי... און געשאָלטען האָט מען אים מיט זיין טאַטען און דער מאַמען צוזאמען, וואָס האָבען אזא ממזר, אזא כל־בו'ניק געהאט.

אמאָל פלעגט ער אָפּטשאַטעוועז דעם דאָקטאר פון שטעדטעל, ווען ער איז געפאָהרען מיט זייע פערדעל און בריטשקעלע צו א קראַנקען און זיך אָפּגעשטעלט און אריינגעגאנגען אין הויז צום פּאציענט. באַלד איז יענקעלע ווי פון דער ערד ארויסגעוואקסען, א שפּרונג, א רוף, א קנאַל מיט'ן בייטשעל, א סמאָטשקע מיט די ליפּען — און אוועקגאלאָפּירט מיט'ן געשפּאַן, ארומגעפאָהרען א ביסעל, ארויפגענומען א חברה קונדסים, זיי דורכגעשליטעלט און צוריקגעקומען. דער דאָקטאר פלעגט שטעהן, זיך ווארפען פאר כעס און זיך ניט קענען העלפען. ער האָט געמוזט מיט יענקעלען אָפּמאַכען פאר א פּאָר קאָפּיקעס א וואָך, ער זאָל אים צורוה לאָזען.

אזוי זיינען א סך געפאַלען אויף דעם פּאָרטעל און זיך פון אים אָפּגעקויפט. ווייל מיט בייזען האָט מען מיט אים ניט געקענט אויסקומען. טאָמער האָט ער פון עמיצען געקראָגען א קלאַפּ, האָט שוין יענער געמעגט אָפּזאָגען קדיש, האָט ער שוין געהאַט גע־בראָטענע צרות אויסצושטעהן: פלעגט ער בלייבען אָהן שויבען, אָהן טיהרען, מען פלעגט יענעם צונעמען פּשוט די ווענט פון הייזעל, די פּלויט פון גערטעל. און טאָמער איז עפּעס געווען אין גערטעל, האָט ער זיך דאַמיט געמעגט געזעגענען.

די פּאָליציי האָט מיט אים גאָר ניט געקענט טאָן. ערשטענס איז ער געווען צו יונג, צווייטענס האָט אים די פּאָליציי ליב געהאַט פאר זיינע וויצען. און טאָמער האָט מען אים ארעסטירט, פלעגען די פּאָליצאנטען אים אליין אויספרעגען, און ער פלעגט זיי דערצעהלען פון זיינע שפּיצלעך, און זיי פלעגען שטעהן ארום און לאַכען פון זיין חכמה.

ווען ער איז עלטער געוואָרען, האָט ער זיך גענומען איינפאַך צו גנבה. אָבער דער עולם האָט געשוויגען. אז ער האָט אוועק־גענומען א פּאָר ברויט פון א קרעמערין, פלעגט זי זיך באַוויינען שטילערהייט און מורא האָבען פאַר א גרעסערער גנבה. אזוי איז ער געגאַנגען פון שטאַפּעל צו שטאַפּעל און געזונקען אַלץ נידריגער און נידריגער.

ער פלעגט לעבען מיט די שיקסעס אין דאָרף און זיי ברענגען פאַרשידענע זאַכען פון די שטעדטישע קראָמען. און ער איז ביי זיי געווען אַן אנגעלעגטער גאַסט.

ער האָט ענדליך אנגעוואָרפען א שרעק אויפ'ן שטעדטעל. עס איז ניט געווען אויסצוהאַלטען: זיינע גנבות האָבען זיך טאָג־טעגליך פאַרמעהרט. נאָר אזוי ווי אַלע זאַכען מוזען האָבען אַן ענדע, אזוי האָט יענקעלע גנב געמוזט האָבען זיין סוף.

ער איז צוגעשטאַנען צו די גרעסטע גנבים־איינברעכער. איינ־מאָל האָבען זיי דערשפּירט, אז עס איז דאָ א מעגליכקייט זיך איינצוברעכען אין דער באַנק. מען האָט לאַנג ניט געטראַכט און זיך פאַרבאַרייט, אָפּגעטשאַטעוועט.

איינמאָל ביינאַכט איז דאָס שטעדטעל געווען זעהר פאַרנומען. צוויי געוואַלטיגע פּאַסירונגען זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען.

איטשעלע ר' שעפּסיל'ס האָט די נאַכט חתונה געהאַט מיט'ן רב'ס טאָכטער. נאַטירליך איז דאָס שטעדטעל געגאַנגען אויף רעדער. מען האָט געהאַט וואָס צו ריידען, צו דערצעהלען, וואָס פאַר א חידושים. מען האָט פאַרבערייט א רבנישע חתונה. און וואָס פאַר א גרויסע געסט עס זיינען געקומען פון כלה'ס צד, גרויסע רבנים פון גרויסע שטעדט. מוזיק האָט מען באַצויגען פון א גרויסער שטאָדט מיט א בדחן, און סאַרווערס האָט מען גע־דונגען פון מינסק.

און די קליידער, וואָס מען האָט געמאַכט פאַר דער כלה, זיינען גאָר אַ וואונדער. אַ כלה — אַ פּיסינקע, אַ קראַסאַוויצע! — האָבען די ווייבער דערצעהלט. געשלאָפען איז מען ווייניג. ווייל אפילו די, וואָס זיינען ניט געווען קיין געסט, זיינען געוועזן קוקערס. ווייבער, מוידען, איינגעהילט אין שאַלען, האָבען באַ־לאַגערט דעם רב׳ס הויז צו כאַפּען אַ קוק אויף דער חתונה.

פאַרטאָג איז דער עולם אַוועקגעפאַלען מיעד פון ארומשלעפּען זיך און אַז מען איז שוין גוט איינגעשלאָפען, איז געוואָרען אַ טרעוואָגע, אַ געפּילדער אין שטעדטעל. מען האָט געשריען, גע־ליאַרעמט, איינער האָט ניט געוואוסט פון צווייטען. עס האָבען זיך געעפענט לאַדענס, פענסטער; מענשען האָבען ארויסגעשטעקט זייערע צושויבערטע קעפּ, דערשראָקענע צום טויט, ניט וויסענדיג וואָס עס האָט פּאַסירט.

— וואָס איז געשעהן? — האָט איינער ביים אַנדערען גע־פרעגט.

— וואו ברענט? — האָבען אַנדערע דערשראָקען געפרעגט. אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט קיין אַנטוואָרט צו געבען.

ענדליך איז מען געוואָר געוואָרען: יענקעלע גנב מיט זיין באַנדע האָבען זיך איינגעבראָכען אין דער באַנק. און ביז דער לעצטער מינוט האָט זיך דער וועכטער געוואַלט וועהרען, האָבען זיי אים דערשאָסען, — האָט מען דערצעהלט.

דער וועכטער? דאָס איז דאָך דער אַלטער בעריל־יואל!

— נו, טאַקע אים האָט מען דערשאָסען.

— אויף טויט דערשאָסען?

— דאָס ווייסט מען ניט. ער האָט נאָך גערעדט.

— און די רויבער האָט מען געכאַפּט?

— געכאַפּט, אָבער ניט אַלע.

— דעם הויפּט־פיהרער, כ'מיין יענקעלע, האָט מען געכאַפּט?

— אים ניט. נאָר מען זאָגט אַז ער איז געווען דער מערדער פון דעם אונגליקליכען אַלטען בעריל־יואל.

אזוינע און עהנליכע געשפּרעכען זיינען אנגעגאַנגען אין דער נאַכט, ווען אָט די זעלטענע פּאַסירונגען זיינען געשעהן. (אין אַ קליין שטעדטעל זיינען זיי זעלטען). געכאַפּט האָט מען צוויי פון די גנבים — שקצים פון דער פּאָרשטאָדט, אָבער דעם אָנ־פיהרער האָט מען ניט געכאַפּט. ער איז געווען זעהר פלינק צו שפּרינגען איבער אַ פּלויט און דעכער און אין דער פינסטער איז ער פאַרלאָרען געגאַנגען. אָבער די פּאָליציי איז געווען ענערגיש און געשוואָרען דאָס זיי מוזען מאַכען אַן ענדע צו זיינע שטיק. ער געהט שוין צו ווייט! צו ווייט...

אָבער יענקעלע האָט זיי אַלע געהערט ווי די קאַץ. ער איז זיך ארומגעגאַנגען אין שטעדטעל פראַנק און פריי, אָבער אין פרויען־קליידער... ער האָט געוואוסט, דאָס לאַנג וועט עס אים ניט געלינגען זיך אויסצובאהאַלטען און איז אַוועק. מען האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען — פאַרפאַלען ווי אין וואַסער אריין.

איטשעלע איז געווען גליקליך. ער האָט געקראָגען זעהר אַ שעהנע ווייבעל, דעם רב'ס טאָכטערל, נאָך גאָר אַ יונגע, אָבער אַ ליבינקע. און ליב האָבען זיי זיך געהאַט ווי נאָר אַזעלכע קינדער זיינען אימשטאַנד זיך צו ליבען. ביי איהר איז איין גאָט און איין איטשעלע, און ביי אים איז זיין רבקה'לע אַ בת מלכה. מען האָט געגעסען קעסט און ניט געזאָרגט. ער איז געזעסען יום ולילה און האָט געלערענט. אַ יאהר נאָך דער חתונה האָט ער געקראָגען

סמיכה אויף רבנות. און זיין רבקה'לע האָט אים צו מזל אַ מיידעל געהאַט. נו, האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. אַ שמחה איבער אַ שמחה. אין שטעדטעל איז געווען פרעהליך.

---

עס זיינען אוועק אַ פּאָר יאהר. איטשעלע'ס פאָטער, דער סוחר ר' שעפּסיל, איז פאַראָרעמט געוואָרען. דער שווער זיינער, אַ רב אין אַ קליין שטעדטעל, איז אויך קיין גביר ניט געווען. און איטשעלע איז נאָך אַלץ געזעסען און געלערענט און ניט געזעהן קיין וועג ווי זיך צוצושלאָגען עפּעס צו אַ פּלאַץ פאַר רבנות: דערפאַר האָט מען באַדאַרפט געלט באַצאַהלען און קיין געלט איז ניט געווען. דערווייל זיינען אונטערגעקומען נאָך צוויי קינדערלעך; זיי זיינען שוין געוואָרען פינף מענשען אין דער פאַמיליע: דאָס דאַרף עפּעס האָבען אויף צו לעבען. ביסלעכווייז אין איטשעלען שווער גע־וואָרען דאָס לערנען — דער קאָפּ האָט אים געטריקענט און געדאַרט, וואו מען נעמט אויף פּרנסה.

איינמאָל איז ער זיך מישב און רעדט מיט זיין פאָטער.

— וואָס וואָלט געווען, איך זאָל זיך ווענדען צו אונזערע לאַנדסלייט און קרובים אין אמעריקא? אפשר וואָלטען זיי מיר עפּעס געהאָלפען.

— קענסט זיי שרייבען, — האָט דער פאָטער אומעטיג געענטפערט.

ניט לאַנג קלערענדיג, האָט איטשעלע אוועקגעשיקט אַ לאַנגען בריף, שילדערענדיג זיין לאַגע. מיט עטליכע וואָכען שפּעטער איז געקומען אַ בריף פון די קרובים, אַז אויב ער וויל, קענען זיי אים נעמען קיין אמעריקא מיט זיין פאַמיליע, און אַזוי ווי זיי ווילען אויפנעמען אַ רב, איז ביי זיי געבליבען, אַז אויב ער וויל קומען אין אמעריקא, וועלען זיי אים אויפנעמען פאַר אַ רב. ער וועט קיין חרטה ניט האָבען — עס וועט אים גאָר נישט פעהלען.

נאטירליך האָט איטשעלע קיין אנדערע ברירה ניט געהאַט, כאָטש עס האָט אים וועה געטאָן דאָס הארץ איבערצולאָזען זיינע עלטערען, שווער און שוויגער און דאָס שטעדטעל, וואו יעדער ווינקעלע איז ביי אים געווען טייער; דאָס שטעדטעל, וואו זיין וויגעלע איז געשטאנען, וואו ער האָט געלעבט, פארבראכט זיין שעהנע יוגענד, וואו ער האָט געטרוימט, געהאָפט, געשטרעבט פאַר אַ שעהנערע צוקונפט... און יעצט פלוצלונג מוז ער פארלאָזען זיין געבורטה־אָרט, זיין היים, זיין לאנד, מוז ווערען אַ נע־ונד'ניק, אַ איד אָן אייביגער וואנדערער. אָבער וואָס קען מען העלפען: אַלץ פאַר פרנסה, עס ווילט זיך דאָך עסען, מען האָט קינדער, זאָלען לעבען. און וואָס אַ יאהר קומט אַלץ צו מעהר...

ער האָט זיך מישב געווען מיט זיין טאטע־מאמע, שווער און שוויגער, און מיט פארקלעמטע הערצער האָבען זיי געמוזט צו־שטימען קיין אמעריקא צו פאָהרען.

עס האָט ניט לאנג גענומען און זיי האָבען געקראָגען שיפס־קארטען און אויף הוצאות. ווידער האָט זיך גערודערט אין שטעדטעל. מען האָט באדויערט, מאנכע האָבען געוויינט, אַ טייל האָבען גאָר מקנא געווען.

— עס וועט אויס אים אַ לייט ווערען. איין קליינינקייט אַן אמעריקאנער רב!...

אזוינע און ענליכע ווערטער זיינע געפלויגען צווישען אַלע אין שטעדטעל. ביז מען האָט זיך מיט זיי מיט פיל ברכות, וואונשען און טרערען געזעגענט.

ענדליך האָט גאָט געהאָלפען: איטשעלע מיט זיין פאמיליע האָבען דערלעבט אנצוקומען אין אמעריקא. זיינע לאנדסלייט זיינען געקומען אים מקבל פנים זיין ביי דער שיף. מען האָט פארזאָרגט אַ וואוינונג מיט שעהנע איינריכטונג. איטשעלען האָט

זיך ניט געוואָלט גלויבען, אז זיינע לאַנדסלייט זאָלען אזוי פיל אין אים פאַראינטערעסירט זיין.

שבת איז געקומען א קאָמיטע און אים געפיהרט אין זייער שוהל אריין, וואו ער האָט געזאָלט געזאָלבט ווערען אלס רב. מען האָט אים מיט כבוד אוועקגעזעצט אויבען־אָן ווי א רב צושטעהט. דאַן איז געקומען די צייט, ער זאָל זאָגען א דרשה, אָבער דער פּרעזידענט איז נאָך ניט געווען אין שוהל. איטשעלע האָט אים נאָך ניט געקאָנט. מיט שרעק האָט ער געוואַרט: ווער ווייס וואָס דער פרעזידענט וועט זאָגען, צי וועט ער נושא חן זיין ביי אים.

מען איז געזעסען און געוואַרט. ענדליך נאָך א האַלבע שעה וואַרטען איז דער פּרעזידענט געקומען. מיט רעספּעקט האָט מען אים אָפּגעטראָטען דעם וועג. ער איז צוגעגאַנגען צום רב, געגעבען אים די האַנד און מיט א גראָבער באַסאָווער שטימע אויסגערופען:

— ברוך הבא, רבי!

דער יונגער רב האָט אים אָנגעקוקט און איז עפּעס געוואָרען ווי מבולבל. עפּעס איז ער אים פאַרגעקומען קענטליך, כאָטש ער איז געווען דיק, מיט א רויטען קאַרק און א פעטען בויך, אין א שטייפען צילינדערהוט, מיט א פרינץ אַלבערט, מיט דיאַמאַנטענע רינגען אויף די פינגער און מיט א גאָלדענער זייגער־קייט.

דער יונגער רב האָט זיך געוואָלט דערמאָנען, וואו ער האָט אים געזעהן, אָבער לאַנג טראַכטען האָט מען ניט געלאָזט און מען האָט פאַרלאַנגט ער זאָל זאָגען די דרשה.

א האַרציגע דרשה איז דאָס געווען. די לאַנדסלייט זיינען געווען ענטציקט, זיי זיינען צו אים צוגעלאָפען און אים געוואונשען א יישר כח. אויך דער פרעזידענט איז צוגעגאַנגען און אויסגע־רופען:

יישר כח, רבי! אייער דרשה איז ניט שלעכט, רבי, אָבער עס

וואָלט ניט געשאַדט אַז דאָס נעקסטע מאָל זאָלט איהר זיך פאַר־בעסערען.

ערשט איצט האָט זיך איטשעלע דערמאָנט: דער פּרעזידענט, וואָס איז געווען אַזאַ מבין אויף דער דרשה, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי יענקעלע גנב...

דאָס האַרץ איז ביי איטשעלען איינגעפאַלען ביי דער ענט־דעקונג. ער האָט קוים געזעהן ווי אהיים צו געהן.

זונטאג האָט ער געשיקט רופען זיינע לאַנדסלייט און צו זיי געזאָגט:

— הערט אויס, מיינע פריינד. איך בין אייך פיעל דאנק שולדיג פאַר דעם, וואָס איהר האָט פאַר מיר געטאָן. אָבער אייער ארבייט איז נאָך ניט געענדיגט. אויב איהר ווילט איך זאָל בלייבען אין אמעריקאַ, בעט איך אייך, זעהט פאַר מיר צו מאַכען עפּעס אַ שטיקעל געשעפט, איך זאָל קענען בעציהען פּרנסה פאַר מיין ווייב און קינדער, ווייל אַ רב וועל איך ניט זיין.

— וואָס איז געשעהן? — האָבען אַלע ערשטוינט איבער־געפרעגט און געמיינט, אַז מען האָט אים באַליידיגט.

— ניין, מיינע פריינד, איך קען קיין רב מעהר ניט זיין, אויב יענקעלע גנב איז אַ מבין, אַז מיין דרשה טויג ניט.

די לאַנדסלייט האָבען אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

און איטשעלע איז קיין רב מעהר ניט געווען. ער איז געוואָרען אַ ביזנעסמען.

# פּאַר אַן אַלטען חשבון

— נע, אַזוי קלוג בין איך אויך! — האָט מר. ברוין אַרויס־געברומט, קריצענדיג מיט די צייהן, זעהענדיג ווי זיין טאָכטער העלען ווערט אַרויסגעפיהרט דורך אַ פענסטער פון איהר רום, פון זיין שכן'ס באָי בעני שמיד.

— הייסט עס אַז קיין שלאָס איז פאַר זיי ניטאָ! נו גוט, אָבער דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס זי איז אין מיין הויז! זאָל זי געהן מיט בעני'ן, זאָל זי געהן וואוהין זי וויל, איך וויל פון איהר ניט וויסען מעהר!

האָט דער פאָטער גערעדט מיט כעס, צייגענדיג דער אַלטער דינסט ווי העלען ווערט אַרויסגעפיהרט פון הויז.

די אַלטע דינסט, וועלכע איז געוועזן טריי ווי אַ מוטער צו העלען, איז געבליבען שטעהן מיט פאַרבראָכענע הענט און אַ פאַר־קלעמט האַרץ. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער דער בעל־הבית האָט איהר ניט געלאָזט ריידען, נאָר פאָרטגעזעצט:

— אַלץ הייסט אַ חוצפּה! אַז איך זאָג ניין, אַז איך הייס ניט געהן מיט מיין שונא'ס זוהן, פאָלגט מען ניט דעם טאַטען! און אַז איך פאַרשליס די טיר, קריכט מען דורך די פענסטער! נו, גוט, וועלען מיר זעהן ווער עס וועט אויספיהרען! — האָט ער גערעדט פאַרביטערט, און געזעהן וויביידע זיינען פאַרשוואונדען אין נאַכט שאַטען.

— אָבער מר. ברוין, זיי זיינען דאָך יונגע קינדער — האָט די גוטע אַלטע געוואָלט זיי פאַרטיידיגען.

— קיין וואָרט, מאריא! זאָלסט זי ניט פארטיידיגען! זיין טאטע איז מיין גרעסטער שונא, איך וויל זי בעסער זעהן א טויטע, איידער זי זאָל זיין זיין שנור! ניין, דאָס קען קיינמאָל ניט זיין! איך וועל עס ניט דערלאָזען! אָבער אז זי פאָלגט ניט, זאָל זי געהן! וויל איך פון איהר מעהר ניט וויסען!

די אַלטע איז נאָך אַלץ געשטאנען מיט פארבראָכענע הענט און געקוקט ווי איהר בעל־הבית שפאנט ארום איבער דער שטוב אַן אויפגערעגטער, א באַליידיגטער.

נו, געהט בעסער שלאָפען, זי וועט קומען צוריק — האָט די אַלטע אים געוואָלט בארוהיגען.

— ניט אהער וועט זי קומען! איהר זאָלט ניט וואגען איהר צו עפענען א טיר! איהר הערט?! — האָט ער ארויסגערופען בלייבענדיג שטעהן הארט נעבען איהר. זי האָט ארונטער געלאָזט די אויגען און געפיהלט אז א גרויסער שטורם וועט קומען און ניט געוואוסט ווי צו פארהיטען.

מר. ברוין איז אוועק און זיך אוועק געלייגט אין בעט, אָבער שלאָפען האָט ער ניט געקענט פאר ערגערנים און פארדרוס. געדאנקען פון פארשידענע צייטען און פארשידענע אינצידענטען וועלכע זיינען פאָרגעקומען צווישען די צוויי שכנים וועלכע זיינען אַלע יאהרען בלוטיגע שונאים.

— אה, — האָט ער געקרעכצט ווי א פארוואונדעטער — ער האָט מיין לעבען רואינירט, איך וועל עס איהר ניט מוחל זיין!

מיט א וואָך ביפאָר האָט ער געהאט א העפטיגען קריג מיט העלען, אז זי זאָל זיך מעהר ניט טרעפען מיט בעני'ן. זי האָט געוויינט און זיך געבעטען און ער האָט געשריען אז ער וועט עס ניט דערלאָזען. העלען איז געווען די איינציגע קינד ביי מר. ברוין וועלכער האָט געהאט א שעהן פארמעגען. און דערביי האָט נאָך

מר. ברוין גע'חלומ'ט אז העלען װעט קריגען אַ רײכען חתן װעט ער נאָך צוקױפען אַ שטיק גרונד און ער װעט װערען דער שטאַרקערער, דער רײכערער, און װעט זיך קענען אָפּרעכענען מיט זײן שונא, דעם שכן שמיד. און ער האָט געהאַט דאָס פולע רעכט צו האָפען, דען העלען איז געװען דאָס שעהנסטע מײדעל ארום דער געגענד. אַלע רײכסטע, פײנסטע יונגע לײט האָבען זיך געשאַרט צו איהר. זי האָט אַלעמען באַצױבערט מיט איהר בליהענדער שעהנקײט: אַ פּראַכטפאָלע בלום פון נאַטור'ס גאָרטען, הויך, קרעפטיג, גראַציעז װי אַ פּאַלמע; איהרע גאָלד־בלאַנדע זײדענע לאָקען װי אַ קרוין ארום איהר הױכען, װײסען שטערען מיט אַ װײס אלבאַסטאַר פּנים און האַלז; רױטע קאַראַלען ליפּען מיט װײסע פּעריל צײהן; צאַרטע, רױטע באַקען, העל בלױע אױגען. װי אַ מלאך, אַ װאונדער־קינד פון דער נאַטור. איז קײן װאונדער װאָס זי האָט אַ סך בלענים געהאַט. איז קײן גרױסער װאונדער װאָס מר. ברוין איז געװען אַזאַ דערצאָרינטער אז ער האָט געזעהן אַז העלען האָט גאָר זײן חלום צושטערט! אַז פון די אַלע רײכע יונגע לײט, האָט זי גאָר אױסגעקליבען דעם אָרימען בעני שמיד, און נאָך זײן שונא'ס זוהן דערצו, און זי האָט צושטערט זײן גאַנצען חשבון װעלכען ער האָט געמאַכט אָהן דעם באַלעבאָס....

און נאָך װי צושטערט! אַז ער האָט דערשפּירט אַז זי קלײבט זיך אװעק צו געהן מיט בעני'ן, האָט ער פאַרשלאָסען איהר טיר אַז זי זאָל ניט קענען ארױס פון איהר צימער, נו, איז אָבער פאַר געליבען ניטאָ קײן שלאָס, און זי איז ארױס דורכ'ן פענסטער. דאָס האָט אים נאָך מעהר געברעננגט אין כעס אַרײן און ער האָט באַשלאָסען זי צו באַשטראָפען אַז זי זאָל האָבען צו געדענקען.

מר. ברוין איז געלעגען אין אױפרעגונג און ניט געשלאָפען. ער האָט פאַרשטאַנען אַז עס מוז שױן זײן גאַנץ שפּעט אַלס ער האָט געהערט אַ קלאַפּען אין טיר.

— אהא, זיי זיינען שוין דאָ! אָבער זיי וועלען לאנג ווארטען ביז איך וועל לאָזען עפענען די טיר! — ער האָט זיך אראָפּגעכאפּט פון בעט, צו היטען די אַלטע מאריא זאָל ניט עפענען.

די אַלטע איז שוין געשטאנען ביי דער טיר צו עפענען, ווען זי האָט דערזעהן איהר באלעבאָס, האָט זי אָנגעהויבען ציטערען, אָבער ער האָט איהר געצייגט מיט כעס דאָס זי זאָל צוריק געהן אין איהר בעד־רום.

— אזא ווילדער איינפאל, פארהאקט די טיר און פענסטער, איך זאָל ניט קענען אריין קומען! וואָס איז יעצט צו טאָן? — האָט העלען מיט פארצווייפלונג געפרעגט איהר געליבטען — ער איז מסתמא ניט געשלאָפען און אודאי געזעהן ווי מיר זיינען אוועק.

— אָבער וואָס זאָגסטו צו מיינע צרות? — און זי האָט זיך צו וויינט.

— נו וואָס וויינסטו? וואָס קענסטו טאָן? אנגענעם איז עס ניט, אָבער וויינען דארפסטו ניט. קום צו מיין הויז וועסטו דאָרט איבערנעכטיגען. איך וועל אויפוועקען מיין מאַמען און איהר ערקלערען, וועט זי דיר מאכען אַ בעט, וועסטו די נאכט ביי אונז איבערשלאָפען.

— וואָס רעדסטו בעני, צו דיינע עלטערן? וואָס פאר אַ מיינונג וועלען זיי האָבען אז מיר געהען אזוי שפּעט ארום? צווייטענס האָב איך מורא אז דיין טאטע וועט מיך ניט אריין לאָזען. דו ווייסט דאָך אז זיי האָבען אַן אַלטען חשבון... און איך ווייס ניט וואָס דער סוף וועט זיין מיט אונז. ניין, איך וועל דאָ בלייבען איבערזיצען די נאכט.

— ווי קענסטו דאָ זיצען אין אזא קאַלטער נאכט? דו וועסט נאָך קראנק ווערען! ניין, דאָס איז קיין פּלאן. קום צו אונז! מיין מוטער האָט דיך ליב, זי זאָגט אַלעמאָל אז זי וועט זיין גליקליך

דיך פּאַר אַ טאָכטער צו האָבען. נאָר די איינגעבילדעטע אַלטע מענער האָבען זיך פאַרהאַסט דורך נאַרעשקייטען. אָבער לאָמיר צונד איבער דעם ניט רעדען. לאָמיר האָפען אַז אַלעס וועט זיין אמבעסטען. נאָר יעצט קום שוין, איך זעה דו ציטערסט פאַר קעלט.

זי האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוואָלט אונטער געבען און געקוקט צום פענסטער, צו די טירען, און געהאָפט אַז די אַלטע מאַריא וועט דאָך פועל'ן ביים פאָטער ער זאָל זיי אריין לאָזען. אָבער זעהענדיג אַז עס ווערט גאַנץ שפּעט און מען עפענט ניט, און זי איז דורך געפראָרען און ציטערט אין גאַנצען קערפּער פון דער קאַלטער, נאַסער הערבסט לופט אין דער פרייער נאַטור צווישען בוימער און פעלדער. אויף דער פאַרם האָט דער ווינט געבלאָזען, געפייפט מיט קראַפט צווישען די בוימער און צווייגען. זי האָט פאַרשטאַנען אַז די גוטע, אַלטע מאַריא קען איהר אודאי ניט העלפען, זי האָט געקענט איהר פאָטער פאַר אַ בעל כעס, און וואַרשיינליך האָט ער צוגענומען דעם שליסעל און היט אַז די אַלטע זאָלט זי ניט אריין לאָזען.

מיט אַ שווער האַרץ האָט זי ענדליך נאָכגעגעבען און מיט טרערען־פולע אויגען האָט זי נאָך געוואָרפען אַ בליק אויף דעם הויז וואו זי איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרען, פאַרבראַכט איהר שעהנע, בליהענדע יוגענד, צו דעם פּלאַץ צו וועלכען זי איז געווען צוגעבונדען מיט לייב און לעבען: צו דער פרייער נאַטור. זי איז געווען אַ נאַטור קינד, זי האָט געהאָפט און געטרוימט אויף אַ גליקליכער צוקונפט, צו פאַרברענגען איהר גאַנץ לעבען אין דער שעהנער נאַטור מיט איהר געליבטען בעני.

— נו, העלען, טייערע, קום שוין שנעלער! זעה ווי דו ציטערסט! ציטערסט! איך האָב מורא דו וועסט חלילה קראַנק ווערען.

— אָלרייט, קום! — האָט זי ארויסגערעדט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. און ביידע זיינען אוועק צו בעני'ס פאַרם.

בעני'ס פאָטער, מר. שמיר, האָט אויסגעזעהן א סך עלטער ווי ער איז געווען. ער איז געווען גרייז גרוי, ווייל די לעצטע יאהרען איז ער געווען א ליידענדער אויף הארץ שוואכקייט. די לעצטע יאהרען האָט ער ווייניג געקענט ארבייטען, האָט זיין פארם פיעל געליטען דערפון. דערפאר איז ער געבליבען א סך הינטער־שטעליג. דאָס האָט דעם קראנקען שמיד נאָך מעהר געקרענקט, אז ער האָט געזעהן זיין שונא — געזונט און רייך. און ער האָט שטענדיג געקוקט מיט פארדאכט אויף זיין פרוי וועלכע האָט זיך נאָך צימליך גוט געהאלטען. אים האָט זיך געדאכט אז זי האפט אויף זיין טויט, אום זי זאָל זיך צוריק פאראייניגען מיט איהר אמאָליגען געליבטען ברוין.... כאָטש ברוין האָט שפעטער אויך געהייראט העלען'ס מוטער וועלכע האָט לאנג ניט געלעבט, האָט מר. ברוין מעהר ניט געהייראט, דערפאר האָט זיך מר. שמיד געדאכט אז ער האפט און וואַרט אויף זיין פרוי.... דען זי איז אמאָל געווען יענעמ'ס, נאָר ער האָט זי ביי יענעם צוגענומען, שפעטער האָט זי שטארק חרטה געהאַט, אָבער עס איז געווען פארפאלען, און דערפאר זיינען זיי געבליבען אלע זייערע יאהרען בלוטיגע שונאים.

מר. שמיד האָט זיך אויפגעכאפט פון געררויש, ער האָט גע־מיינט אז א גנב איז אין הויז, האָט ער געכאפט א ברענענדיג ליכט אין האנד און זיין רעוואָלווער און איז אריין אין פאָדער־שטוב. דאָ האָט ער דערזעהן זיין זוהן בעני מיט העלען שטעהן. בעני האָט ארונטער גענומען פון העלען דעם מאנטעל, זי צוגעפיהרט צום אויוועו און אריין געלייגט א שייט האָלץ, עס זאָל ווערען ווארעם. דער אלטער שמיד איז געשטאנען און געקוקט מיט שרעק און ערשטוינונג — שוין פיר אזייגער, האָט ער געזעהן, און אזוי שפעט זיינען זיי דאָ! ער האָט צוזאמען גענומען זיין גאנצען קוראזש און איז אריין אין פאָדער־צימער און געקוקט שטרייננ אויף די יונגע געליבטע.

— פּאַפּאַ! — האָט בעני אנגעפאַנגען אין פאַרלעגענהייט — מיר האָבען זיך היינט אַ ביסעל פאַרזאַמט צו אַ פּאַרטי, האָט מר. ברוין פאַרשלאָסען די טיר און לאָזט זי ניט אריין.

— גלייך געטאָן, — האָט מר. שמיד געענטפערט. — אַ מיידעל, אַז זי געהט אַזוי שפּעט מיט אַ פרעמדען יונגען מאַן, האָט אַ רעכט־דענקענדער פאָטער אַ רעכט זי ארויסצוטרייבען פון הויז.

— וואָס רעדסטו, פּאַפּאַ?! איך האָב עס ניט דערוואַרט פון דיר צו הערען! גרויס שטעטישע מענשען ווייסען אַז יונגע מענשען האָבען אַ רעכט צו פאַרברענגען!

— מיר, די קאָנטרי טאַטעס, ווייסען אַזוי פיעל ווי גרויס שטעטישע, נאָר מיר ווילען ניט אַז אונזערע קינדער זאָלען ארומ־קריכען דורך די נעכט. — האָט מר. שמיד געענטפערט.

העלען האָט אָנגעהויבען ציטערען פאַר באַליידיגונג און זי האָט אָנגעהויבען וויינען.

— איך געה אויפוועקען די מאַמע, — האָט בעני געזאָגט. זי וועט בעסער פאַרשטעהן די לאַגע און וועט עס אַנדערש אויס־טייטשען.

— דו וועסט זי ניט וועקען, זי האָט ערשט איינגעשלאָפען! פאַר ערגערניש, ניט וויסענדיג וואָס מיט דיר האָט געטראָפען.

— איך מוז זי אויפוועקען, זי מוז מאַכען אַ בעט פאַר העלען.

— נו, דאָס איז ניט נויטיג, ווייל ערשטענס איז זי מיין שונא'ס טאָכטער; צווייטענס, אַזאַ מיידעל ווי זי, קען ביי מיר קיין נאַכט פאַרברענגען, איך וויל זי אין מיין הויז ניט האָבען!....

— וואָס רעדסטו, פּאַפּאַ? — האָט בעני אויסגערופען מיט באַליידיגונג, — דו מיינסט עס ניט! דו מיינסט ניט העלען צו באַליידיגען.

— און אז יא? איך מיין עס גאנץ ערנסט. אזא מיידעל וואָס געהט ארום מיט אַ באָי אזוי שפּעט ביי נאכט, טאָר ביי מיר ניט שלאָפען, און איך וויל זי ניט האָבען!

— אָבער פּאפּא! דו באגרייפסט ניט...

העלען האָט געציטערט פאר שאנדע און פאר שרעק. — וואָס וועט אצונד זיין? וואוהין זאָל זי געהן? אָבער פּלוצים איז מרס. שמיד אריינגעקומען, אַ דערשראָקענע, הערענדיג אזא הויכען געשפרעך אזוי שפּעט ביי נאכט.

— אה מאמא! מאמא! דו וועסט בעסער פארשטעהן — האָט בעני דערפרעהט אויסגערופען צולויפענדיג צו דער מוטער. — א יא דו וועסט זי ניט ארויסטרייבען? — צייגענדיג אויף העלען, וועלכע איז געשטאנען און געציטערט.

זעה מאמע, איהר פאָטער האט זי ארויסגעטריבען.

מרס שמיד האָט געוואָלט זאָגען — אודאי וועל איך זי ניט ארויסטרייבען, די זיסע מיידעל, איך האָב איהר אזוי ליב! אָבער דערזעהענדיג איהר מאנ'ס שטרענגען בליק, האָט זי ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

— אוי, מיין זוהן! — האָט זי נאָר אויסגערופען.

— קיין וואָרט! — האָט דער אלטער באפוילען און פארשטעלט דעם וועג פון זוהן צו דער מוטער.

— זי האָט דאָ ניט וואָס צו טאָן! צייגענדיג אויף דער פאר־ווינטער מיידעל וועלכע איז געשטאנען מיט די הענט פארדעקט דאָס פּנים און געוויינט.

די אלטע מיסעס שמיד האָט אַ קוק געגעבען מיט פארדרוס אויף בעני'ן, אָבער זעהענדיג ווי ערנסט עס האלט, האָט זי אויס־גערופען:

— אָבער פּאפּעלע, וואָס רעדסטו, וואו וועט זי אצונד געהן אזוי שפּעט?

— ניט מיין זאך האָב איך געזאָגט! פאַר ברוינ'ס טאָכטער האָב איך קיין פּלאַץ אין מיין הויז! איך וועל קיינמאָל ניט פאַר־געסען, פאַר איין שפּאן ערד וואָס איך האָב איבער געשקערט, האָט ער מיך שיער דער'הרג'ט. איך האָב זיך ביי אים געבעטען: — איך וועל דיר באצאהלען, נעם צוריק דיין פעלד! — ניין — האָט ער געזאָגט, — איך וועל דיך דער'הרג'ענען! דיר קומט אַן אַלטער חשבון, ניט נאָר נעמסטו צו מיין פעלד, נאָר מיין לעבען, מיין געליבטע, האָסטו ביי מיר צוגענומען! — און דערביי האָט ער געוואָרפען אַ בליק אויף זיין פרוי, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס מאַכט אויף איהר אָט די אַלטע ערינערונג... יענע איז געשטאַנען מיט אַן ארונטער געלאָזטען קאָפּ און מיט בלאַסע ליפּען, און קיין וואָרט געזאָגט.

— פאַרשטעהסטו שוין? יענעם טאָג וואָס ער האָט מיך אין פעלד צוקיילט און צובייזלט, וועל איך אייביג געדענקען, און אויב איך וועל האָבען אַ געלעגענהייט, וועל איך זיך אָפּרעכענען מיט אים....

און אצונד האָט ער געהאַט די געלעגענהייט. וויפיל מען האָט געבעטען און זיך געבעטען, האָט ניט געהאָלפען, ער האָט זיך ניט געלאָזט זיך בויגען, ער איז געבליבען דערביי אַז זי מוז פאַרלאָזען זיין הויז.

— נו, גוט — האָט בעני אויסגערופען, — אויב דו לאָזט העלען ניט זיין דאָ, געה איך מיט איהר!

ער האָט געכאַפּט זיין העט און קאָאט און געהאָלפען העלען זיך אנטאָן העט און קאָאט.

עס האָט ניט געהאָלפען קיין בעטען פון דער מוטער, ער זאָל זי ניט פארלאָזען. העלען האָט זיך געבעטען.

— בעני, בלייב נעבען דיינע עלטערען, צוליב מיר דארפסטו זיי ניט פארלאָזען. איך וועל געהן אליין, דו בלייב מיט דיינע טאטע־מאמע. איך האָב שוין לאנג קיין מאמע ניט, און אצונד האָב איך קיין טאטע אויך ניט. א גרויסע וועלט, א ליכטיגע וועלט, אָבער פאר מיר איז זי וויסט און לעער.... — און זי האָט זיך געלאָזט געהן צו דער טיר מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ.

— ניין, ניין! דו וועסט אליין ניט געהן ביי נאכט אין אזא פוסטע געגענד, אין אזא פינסטערניש! צו וועמען האָסטו צו געהן? ניין! איך געה מיט דיר! די וועלט איז גענוג גרויס, מיר וועלען געפינען א פלאץ פאר אונז ביידע — און ער איז אוועק מיט איהר.

— וואוהין געהען מיר? — האָט זי שטיל געפרעגט מיט א ציטרינגע שטימע.

— מיר וועלען פאָהרען אין ניו יאָרק. — מעהר האָבען זיי שוין ניט גערעדט ביז זיי זיינען געקומען אויף דער סטאנציע צו נעמען א טריין קיין נוי יאָרק, האָט זיך בעני ארום געזעהן, אז ער האָט קיין זאַך מיט גענומען, און געלט האָבען זיי אויך זעהר וויניג; און זי, העלען, האָט אויך קיין זאַך מיטגענומען, אפילו ניט א קליידעל איבער צו טאָן! אויסער איהר שעהן, ליכטיג פנים, וועלכעס איז פאר אַן אונערפארענער מיידעל א סך מאָל קיין גרויס גליק ניט....

ביידע זיינען נאָך טרויעריגער געוואָרען.

— ניט געזאָרגט, ליבע העלען — האָט בעני זי געטרייסט, א קוק געבענדיג אויפ'ן זייגער. — נאָך צייט גענוג! נאדיר געלט וועסט קויפען טיקעטס, און איך וועל געבען אלויף אהיים נעמען

מיינע זאכען. — זי האָט ניט געהאט קיין ברירה, און ער איז אוועק אהיים.

אלס בעני מיט העלען זיינען אוועק צום סטיישאַן, זיינען ביידע, פּאָטער און מוטער, געבליבען זיצען ווי פארשטיינערט, זעהענדיג ווי ערנסט ער מיינט עס. ער, זייער איינציגער זוהן, אָפּפערט מיט זיינע טאטע־מאמע צוליב אַ שעהנער מיידעל, און נאָך זייער גרעסטען שונא'ס מיידעל! עס האָט זיי נעקרענקט ביז צום טויט, און די מוטער האָט זיך צוואויינט.

— וויין ניט אלטע! — האָט ער שטרענג ארויסגערעדט. — ער איז עס ניט ווערט מען זאָל זיך נעמען צום הארץ דורך אים! אז ער האָט געקענט אויסבייטען טאטע־מאמע פאר אַן אויסגע־לאסענער מיידעל, איז ער ניט מעהר ווערט מיין סימפּאטי, איז ער ניט מעהר מיין זוהן!

ביידע אלטע זיינען געבליבען זיצען ביים ווארימען אויווען און קיין וואָרט גערעדט. ער האָט פאררויכערט זיין לאנגע פייגע און געזעסען שטיל פארטראַכט און געלאָזט גרויסע קנוילען רויך. פּלוצים איז בעני צוריק געקומען.

— זעהסטו פּאפּאַ, — האָט די מוטער דערפרעהט אויסגע־רופען — ער איז דאָ צוריק! ער איז פאָרט אונזער זוהן, אונזער קינד. וואָס דען, ער וועט אונז פארלאָזען? — האָט די מוטער מיט פרייד גערעדט. אָבער בעני האָט קיין וואָרט געזאָגט, נאָר גלייך ארויף אין זיין רום. באלד איז ער צוריק געקומען מיט זיין סעטשעל מיט זיינע זאכען.

— וואָס־זשע, דו געהסט טאקע? — האָט די מוטער געפרעגט. אַבי איך האָב געמיינט אַז דו ביסט צוריק געקומען?

— ניין, מאַמע, איך קען דאָ מעהר ניט זיין, איך מוז זיין מיט העלען! אז אַלע פארלאָזען איהר, טאָר איך זי ניט פארלאָזען. איך בין איהר איינציגער באשיצער.

— אָבער דו האָסט דאָך אפילו קיין געלט ניט ביי זיך!

— נו וואָס קען איך העלפען — האָט ער באטריבט גע־ענטפערט.

— נו זיי געזונט מאַמע! — און ער האָט זי ארומגענומען און געקושט.

—ווארט א מינוט! — האָט זי אויסגערופען און איז צו געגאנגען צום אלטען.

— פארפאַלען! זעה דיין זוהן, ער מאַכט קיין שפּאַס, ער געהט טאַקע אוועק.

— נו, וואָס ווילסטו פון מיר? — האָט ער מיט כעס אויס־גערופען און ארויסגעלאָזט א קנויל רויך פון מויל.

— נו געזעגען זיך כאָטש מיט אים!

— דאָס ניט!

— אָבער ער האָט דאָך אפילו קיין געלט ביי זיך!

— געלט? נאַ אָט האָסטו געלט. — און איהר דערלאַנגט א פּאָר דאָלער.

די אלטע האָט צוגעטראָגען דאָס געלט און מיט א פארקלעמט הארץ דערלאַנגט דעם זוהן דאָס געלט. אָבער בעני האָט דאָס געלט ניט געוואָלט צונעמען.

— ניין, איך וויל ניט זיין געלט, אז ער פאראכטעט מיך מיט מיין כלה און פארטרייבט אונז, דארף איך ניט זיין געלט.

— אָבער וואָס וועסטו טאָן אין אַ פּרעמדע שטאָדט, וואו מען קען דיך ניט, אז דו האָסט קיין געלט!

— איך וועל ארבייטען, וועל איך פארדינען. נו זיי געזונט מאַמע! וויין ניט. — און האָט זי נאך אמאָל ארומגענומען און געקושט.

— ניין מיין קינד, איך געזעגען זיך ניט ביז דו וועסט זיך ניט געזעגענען מיט דיין פאָטער. דו קענסט ניט אוועק אָהן אַ זיי געזונד פון דיין טאַטען.

ער האָט זיך געקווענקעלט, אָבער זי האָט ביי אים גע׳פּועל׳ט, און ער איז צו געגאַנגען צום פאָטער וואו ער איז געזעסען אויף אַ ווייכער שטול אקעגען ווארימען אויווען.

— פּאַפּאַ זיי געזונט! — האָט ער שטיל ארויסגערעדט און אויסגעשטרעקט זיין האנט צו נעמען זיין פאָטער׳ס האנט, דאָ האָט ער געזעהן אז דער פאָטער שלאָפט גאָר, האָט ער זיך ארונטער געלאָזט אויף די קני ווי צו אַ געבעט, און געוואָלט אים לייכט אויפוועקען. דאָ האָט אנגעהייבען רינגען דער טעלעפאָן.

— אָה, העלען מוז דאָס זיין! — האָט ער אויסגערופען און זיך אויפגעכאַפּט צו ענטפערען דעם טעלעפאָן.

העלען איז געבליבען אויפ׳ן סטיישאָן ווארטען. זי האָט געקויפט צוויי טיקעטס, אָבער דאָ האָט זי געזעהן אז עס ווערט שפּעט און בעני איז נאָך אלץ ניטאָ. די טריין קומט באלד אָן, נאָך פופצעהן מינוט, און בעני׳ן זעהט מען ניט. איז זי געגאַנגען צום טעלעפאָן און גערופען בעני׳ן ער זאָל זיך צואיילען, ווייל עס איז שפּעט. בעני האָט געכאַפּט דעם רעסיווער און מיט פאר־דרוס ארויסגערעדט — זי מוז ניט וויסען וואָס צו איבערטראַכטען — העלאָו העלען?!

— העלאָו בעני, שנעלער, ס'איז שפּעט! נאָך 10 מינוט צייט. פּליעז, גיכער! — דערווייל איז די מוטער צו געגאַנגען צום אַלטען שמיד אים אויפצואוועקען ער זאָל זיך געזעגענען מיט בעני'ן, און זי האָט דערזעהן אַז דער אַלטער איז גאָר טויט!.... זי האָט ארויס־געלאָזט אַ שרעקליכען קוויטש. מיט שרעק האָט בעני אַפּגעלאָזט וויער, דער הערענדיג דער מוטער ווי זי שרייט יאָמערליך.

— בעני! דער פּאַפּאַ! שנעל אַ דאָקטאר, רוף אַ דאָקטאר!

ער האָט געכאַפּט דעם טעלעפאָן און גערופען אַ דאקטאר. אזוי האָט ער אָפּגעהאקט אין מיט'ן רעדען מיט העלען, און זי איז געבליבען אָהן אַן ענטפער. אין פארצווייפלונג האָט זי ניט גע־וואוסט וואָס זי זאָל טאָן. זי האָט זיך צו וויינט. זי האָט געמיינט אַז בעני האָט זיך אודאי איבערגעבעטען מיט זיינע עלטערען. איהר האָט ניט געקענט איינפאַלען אַז דאָרט איז געשעהן אזא אומגליק מיט בעני'ס פאָטער, אַז דאָס קראַנקע הארץ האָט געפּלאַצט ביי דעם קראַנקען פאָטער אוים פארדרוס.

מיט אַ געבראָכען הארץ איז העלען אליין אוועק קיין ניו יאָרק, אין דעם גרויסען לייבען־גרוב, וואו עס ווערען טאָג־טעגליך פאר־שלונגען אזעלכע יונגע בלומען וואָס פאַלען אריין עלענד, אָרים, אָהן פריינד און אָהן אַ באשיצער און זיי ווערען פארניכטעט.

# ווינטער בלומען

יעצט איז זי אביסעלע גליקליך.

זי האָט זיך ארויס געריסען פון הויז, אוועק אין א קאָנטרע צו אָפּרוהען זיך פון דער שווערער ארבייט, פונ'ם יאָך וועלכען זי טראָגט אויף איהרע פּלייצעס זייט פיעלע יאהרען, זייט זי איז א באלעבאָסטע געוואָרען.

ווייט אין די קעטסקילס־עברג האָט זי אביסעל געוואָלט אונ־געשטערט פּארגעסען אָן אלץ, און זיך איבערגעבען איהרע זיסע פּאנטאזיען, און דערפון שעפּען נייע קרעפטען... קרעפטען צום לעבען.

זייט א פּאָר טאָג אז זי איז אין די בערג, אָבער זי האָט ניט געזוכט מיט קיינעם באקאנטשאפט צו מאכען. זי פּלעגט זיצען ערגעץ אין א ווינקעל און טראכטען און דענקען. דער עולם אין האָטעל איז ניט פיעל אויפמערקזאם געווען צו א פרוי אין די מיטעלע יאהרען וועלכע האלט זיך פון ווייטען: — יעדער קען זיך פירען ווי אים געפעלט. און זי האָט ניט געקערט פאר קיינעם, נאָר געהאט איין געדאנק: — ווער וויים וואו ער איז אצונד? וואָס טוט ער אצונד? צי פיהלט ער גוט? אין אזעלכע געדאנקען איז זי געזעסען פארטראכט און ניט געהערט וואָס ארום איהר געהט אָן.

פּלוצים איז זי איבעראשט געוואָרען, דערזעהענדיג איהר פריינד אָנקומען אין דער זעלבער קאָנטרע, אין דעם זעלבען האָטעל אזוי אומפערהאָפּט. ווארשיינליך איז עס געווען זיין אבזיכט... זייער פרייד איז געווען אומבאשרייבליך. זיי וועלען דאָ קענען

אומגעשטערט געניסען דאָס ביסעלע פרייד וואָס דער שיקזאַל האָט זיי באשערט צו די עלטערע יאהרען.

זיי פיהלען זיך ווי צוויי יונגע פאַרליבטע. קוקען זיך אין די אויגען מיט הארציגע געפיהלען. זיי פאַרשטעהען זיך... זעהען זיך איינע אין צווייטענס הארץ מיט א ריינער, נאָבעלער פאַרגעטערונג. זיי וואָלטען גערען געקענט ברענגען דעם גרעסטען אָפּפער איינער פאַר'ן אַנדערען, אפילו דאָס בלוט פון הארצען — ווען עס איז נויטיג.

אָט אזוי פיהלען זיי ווען זיי זיינען צוזאמען, און אזוי האָבען זיי געפיהלט אז זיי זיינען יעדער ביי זיך און דענקען וועגען אנאנדער... שטענדיג דענקען זיי ווי צו קענען פאַרברענגען צוזאמען. ביי דעם געדאנק ווערט זיי ווארים די בלוט, דאָס קאַלטע פאַר־גליווערטע בלוט שטראָמט דורך די אָדערען ביז צום הארץ און עס איז זיי גוט. זיי שמייכלען מיט פערגעניגען. דער גענוס וואָס עס בליהט אין זיין קאַלטען הארץ ווי ביי א יונגען־מאַן; די אַלטע אָפּגעשטארבענע בלומען ווערען באגאָסען מיט פרישען טוי, מיט פרישע הייסע בלוט און בליהט; און פרישע קרעפטען קומען צו צום נייעם לעבען און טהעטיגקייט.

און ביי איהר, ווען זי זיצט און דענקט וועגען אים, לויכטען איהרע אויגען, און דאָס איינגעפאַלענע ברוסט באוועגט זיך מיט פערגעניגען פון א ליבעס גלוט וועלכעס רופט זיך אָפּ פון ערגעץ א פאַרבאָרגענע ווינקעלע, און די פאַרדאַרטע וואָרצלען לאָזען ארויס בלעטעלעך ווי אין ווינטער צייט פון אונטערען שנעע אקעגען דער זוהן וואָס צו לאָזט זיך איידער דער פרילינג קומט. עס קריכען ארויס קליינע קנאספּאלאך, און עס באווייזען זיך ווייסע בלימעלעך, דאָס אויג ווערט ענטציקט צו זעהן ווינטער א בלימעלע... כאָטש א קליינינקע.... אָבער דאָס בלימעלע קוקט קעגען דער זון און ווארימט זיך פרייליך מיט א זיסען צויבער און חן פון פּוסטען

בערגעל צו גליך ווי די גרעסטע טייערסטע בלומען וואָס ווערען געפלאַנצט פון גרויסע גערטנער...

די שפּעטערע יאהרען שטערט זיי ניט צו פּיהלען אזוי גוט, אזוי אנגענעם ווי יונגע מענשען וועלכע זוכען זיך צו פּאַראייניגען. זייער צוקונפט ווערט צוזאמען געגאָסען און פוןביידע שטרעבונגען ווערט איינע און די זעלבע...

און זייער שטרעבונג איז נאָר צו זיין צוזאמען. זיי פאָדערען ניט איינס פון אנדרען קיין זאך. זיי פיהלען עס, אז די צייט האָט ביי זיי גערויבט די קרעפטען צו וועלכע יונגע מענשען זיינען שקלאפען... אָבער זיי, זיינען צופרידען מיט דעם ביסעלע גליק, אז זיי האַלטען זיך ביי די הענט איז זיי גוט, זעהר גוט... זי דענקט ניט צי האָט זי עס אמאָל אין לעבען אזוי געפיהלט....

ווי צוויי טייבעלעך זיינען זיי ביי איין טיש געזעסען דאָ אין קאָנטרע און זיך אויסדערציילט פון אלעס וואָס זיי האָבען נאָר געוואוסט. זי האָט געשמייכעלט און געשלונגען זיין יעדעס וואָרט. זי האָט צו אים ארויף געקוקט ווי צו עפּעס א העכערע זאך וואָס גאָט האָט איהר באשערט. דאָס עסען האָט דאָ יעצט גאָר בעסער געשמעקט. זי האָט אויפגעבליהט. זי האָט זיך געפלייסט אויסצוקוקען בעסער, שעהנער. און ביידע האָבען פארבראַכט די צייט אפילו ניט באמערקענדיג ווי זי אנטלויפט.

דעם לעצטען טאָג זיינען ביידע אוועק לופט שעפּען אין פעלדער. די לופט איז געווען ריין, פריש און ערקוויקענד, און געשמעקט מיט א זיסען ריח פון פריש געשניטענעם העע. די בלומען אויף די פעלדער האָבען פון זיך ארויס געגעבען א גן עדן ריח.

זיי האָבען זיך אוועק געזעצט אין א ווינקעל אונטער א געדיכטען קוסט בוימער און בלומען. די זון האָט געשיקט איהרע

לעצטע שטראַלען, זיך פאַרקלייבענדיג אונטער אַ הויכען באַרג פון די מאָונטענס, און איבערגעלאָזען אַ רויטען פּאַס זיך בלישטשענדיג דורך רייסענדיג די געדיכטע צווייגען, ווי לאַנגע גין גאָלדענע פעדעם, און זיך וואַרפענדיג מיט טראַץ אין זייערע אויגען אריין. פּאַר זיי איז געלאָפּען אַ „פּאַטאַקעל“ וואַסער מיט ראַש און געפּילדער זיך אָפּשלאָגענדיג אין די שפּיציגע מיט רינעם מאָך באַוואַקסענע שטיינער. דאָס קיהלע לופטעל האָט אַלע מאָל דורך געצויגען און נאָך דעם הייסען טאָג איז דאָס געווען אמת'דיג ערקוויקענד.

ביידע זיינען געבליבען זיצען פאַרטראַכט, שטיל, און געקוקט אין דער ווייטער בלויקייט פון ריינעם, קלאָרען הימעל, ביז עס האָבען זיך אנגעהויבען צייגען איינציגע בלישטשענדע שטערען. ער האָט זיך דער ערשטער ערוואַכט ווי פון אַ שלאָף, און זיך גאַנץ נאָהענט צוגערוקט און זיי אַ פרעג געטאָן.

— פון וואָס טראַכטסטו עס מיין טייערע? — און אנגענומען איהר האַנט און וואַרים געדריקט. זי האָט זיך ערוואַכט און ליבליך געשמייכעלט, און קוים מיט אַ שטילער שטימע ארויס־גערעדט.

— איך טראַכט, ווי גרויזאַם דער שיקזאַל איז צום מענש...

— יאַ, יאַ, מיין ליבע, אַזוי איז עס! וואָס וואָלט אַ שטייגער געווען געשאַדט ווען מיר טרעפען זיך מיט אַ דרייסיג יאהר פריהער? עס וואָלט אונז אפשר איינגעשפּאָרט אַזוי פיעל צו ליידען... איך פון מיין זייט, אונטער אַלע אומשטענדען, האָב פיעל געליטען, אָבער איך דענק, אַז דו האָסט נאָך פיעל מעהר געליטען מיין טייערע.

— איך שטעל זיך פאָר אַז דו האָסט נאָך ניט געליבט?...

— ניין — האָט זי שטיל געענטפערט.

— אָבער דו האָסט דאָך אזויפיעל יאהר אָפּגעלעבט מיט אַ מאַן? און געהאַט קינדער?

— דאָס איז גאָר ניט! — האָט זי געענטפערט. — אונז האָט פאַראייניגט דער „הרי את,“ דער אידישער געזעץ, און דער ווילען פון אונזערע עלטערען, אָבער ניט אונזערע הערצער... מיר האָבען ביידע געלעבט ווי פיעלע אַנדערע — אויס פליכט, ניט אויס נייגונג. און אַזאַ לעבען, מיין פריינד, איז אַ שרעקליכע פּייניגונג: מען ליבט ניט דעם מאַן צו וועלכען מען מוז זיך איבערגעבען... מען איז אַ פאַרקויפטע שטיק פלייש צום קצב... און ער מעג טאָן דערמיט וואָס ער וויל: האַקען, שניידען, ד'רויף שפּייען, עס איז זיין אייגענטום. און דער פרוי איז נאָך אַ שאַנדע דאַריבער צו רעדען. דאָס איז דער אידישער געזעץ: האָסט זיך איינמאָל געפּאַסט, מוסטו ליידען... און דער מאַן?

דער מאַן, כאָטש ער ליבט ניט זיין פרוי, איז ער אָבער אַ שקלאַף צו דער נאַטור פון ליידענשאַפט. ער האָט ניט ליב זיין פרוי, אָבער קינדער ווערען געבאָרען...

דאָס איז דאָס געמיינסטע, דאָס שענדליכסטע וואָס עס קען געבען. איך טראַכט פיעל מאָל, ווי קענען זיך מענשען אַזוי ערנידריגען און זיין פאַרקויפט צו דער נאַטור?....

— יאַ זיסע מיינע, ווי שעהן דו רעדסט! ווי לאָגיש! איך באַדויער דיך זעהר, ווייל איך פיהל אַז דו רעדסט עס ניט גלאַט פון לופט... אָבער צונד אַז מיר זיינען צוזאמען? מיין ליבע, ווי פיהלסטו יעצט?

— אָה, איך פיהל אַזוי גוט, אַזוי אַנגענעם ווי קיינמאָל ניט בעפאָר! — האָט זי באַגייסטערט גערעדט. — איך פיהל ווי אַ יונגע מיידעל — און זיך צוגעטוליעט צו זיין ברוסט.

— און איך האָב נאָך אין מיין לעבען אזוי זיס, אזוי הייליג ניט געפיהלט — האָט ער אויסגערופען און זי ארום גענומען. — איך פיהל אז אלע מיינע גלידער ווערען אין מיר שטארק, קרעפטיג ווי ביי א יונגענמאן; איך פיהל אז אין הארץ בליהען בלומען, און די בלומען זינגען שירה...

— איך פיהל אויך דאָס זעלבע...

— אה טייערע, ליבע מיינע! און זיי האָבען זיך לאנג און הארציג צוקושט.

# אַ שמחה אין שטעדטעל

אַ געפּילדער, עס רעש'ט און קאָכט. אַ שמחה אין שטעדטעל: שטייטש, גאָט האָט געהאָלפען, מינדעל ר' שמעריל'ס האָט חתונה!

אַלע זיינען פּאַרטאָן אין דער מצוה. שוין געהט, מען לויפט, יעדער וויל האָבען אַ חלק אין דער הייליגער זאַך. און וואָס קען זיין אַ גרעסערע מצוה ווי הכנסת כלה?

— נו דאַנקען גאָט! האָט שוין מינדעל אויך חתונה — האָט אַ אידענע אויסגערופען און פאַרגלאָצט די אויגען צו דער סטעליע און די הענט אנגעריבען אָן אַ טרוקענע שויב מיט אַ פרומער מינע.

— וואָס דען? עס איז ניטאָ קיין איין־ישע קלויסטער — האָט אַן אַנדערע אידענע זיך אנגערופען באַגייסטערט.

דערווייל זיינען ארום געגאַנגען גבאי'טעס איבער'ן שטעדטעל און צוזאַמען גענומען פאַר הכנסת כלה וואָס עס האָט זיך געלאָזט.

איינע האָט געגעבען אַ קישען וואָס זי האָט מנדר געווען ווען אַ קינד איז ביי איהר קראַנק געווען; אַ צווייטע — אַ פּאָר ארשין ליינוואַנט אויף העמדער; אַן אַנדערע — אַ פּאָר שלאָף־לייליכער. איינע האָט געגעבען אַ חופּה־קלייד, כמעט נאָך גאָר אַ נייע, כאָטש יענע איז שוין דרייסיג יאהר נאָך דער חתונה. קורץ, מען האָט געבראַכט פון אַלעם גוטען: ציכען, העמדער, טישטיכער, קליידלעך, קלויז אונטער'ן אויוועז און דערצעהלט מעשיות און מופתים פון פון אַלעמען צו ביסלעך.

— נו גאָט צו דאַנקען, באַלד אַ באַלעבאָסטע — האָט זיך די שוחט'קע געפרעהט.

מוצאי יום כפור איז דאָס גאַנצע שטעדטעל געגאַנגען אויף רעדער, און געשעהן איז עס גאָר פּלוצים.

אַ יונגער מאַן אַ לץ האָט זיך געמאַכט אַ שפּאַס, און דערצעהלט אַז ער האָט געזעהן מינדעל ר' שמעריל'ס אין וועלדעל מיט איטצע מאיר דעם הויקער פּיישע דעם שניידער'ס געהילף.ביידע זיינען געגאַנגען האַנט ביי האַנט אום ראש השנה ווען אַלע געהען צו תשליך.

דאָס שטעדטעל האָט אויפגערודערט.

— אַזאַ זינד! אַ מיידעל אליין מיט אַ בחור אין וועלדעל! שטייטש, מען טאָר עס ניט פאַרשווייגען! — האָבען אַ טייל רבי'צענס געשריען — מען דאַרף זיי דערפאַר גוט אויספּאַטשען.

— איך האָב זי שוין גוט אַנגעזידעלט — האָט די טוקערען זיך באַרימט.

— וואָס האָט זי ד'רויף געענטפערט? — האָבען אַ טייל נייגעריג געפרעגט.

— גאָרניט, שטום ווי די וואַנט. — האָט די טוקערען גע־ענטפערט מיט פאַרדרוס.

— און איך וואָלט געזאָגט מען זאָל דעם שניידערעל ארויס שיקען פון שטעדטעל, וועט ער געדענקען ווי צו באַגעהן אַזאַ זינד!

— ווער־זשע וועט עפּעס אויפנעהען? — האָבען די מענער געפרעגט. ווייל כמעט אַלע ווייבער פון שטעדטעל זיינען געווען די ברויט־געבער — קרעמערינס, און די מענער זיינען געזעסען אין געשיר. — ווער אַ טעפּעל, ווער — אַ לעפּעל, טעלער, שיסלען, זייער רבי זאָל לעבען. דערפאַר האָבען זיי געוואוסט אַז מען מוז אנקומען צו פּיישע שניידער עפּעס אויפצונעהען אויף אַ יום טוב, גראַדע דעמאָלט ווען די ווייבער זיינען צו פיעל פאַרטאָן אין געשעפט.

— נישקשה, מיר וועלען שוין אויסקומען אָהן אים! אָהן אזעלכע בעל־עברה'ניקעס. זיי טאָר מען ניט לאָזען אין שטעדטעל — האָט זיך געהיצט אַן אלטע גבאי'טע.

— שאט, איך בין אויך דאָ! וואָס האָט איהר זיך צוגעגעט ווי די געגז? — האָט זיך אריין געמישט דער קרומער בערעל, אַ קרעמער. — איך וואָלט בעסער געזאָגט, אפשר וואָלט געווען אַ סברא אַז מען זאָל דעם פאָר פאָלק גאָר חתונה מאכען?

— איי ר' בערעל, לעבען זאָלט איהר! איהר זייט דאָך אַ איד אַ חכם! און אונז איז עס גאָר ניט איינגעפאַלען! — האָט זיך די אַלטע גבאי'טע מיט פרייד אנגערופען און געריבען די הענט — נו אדרבא, זעהט צו זיין אַ שדכן. איהר שטעלט נאָר צוזאמען דעם שידוך און מיר וועלען שוין דאָס רעשט פאַרזאָרגען...

געזאָגט און געטאָן. בערעל דער קרומער האָט אויפגעפיהרט דעם שידוך, און דאביי אין זין געהאַט זיך אויבצונעמען אַז קויפען נאָך דער חתונה זאָל דאָס פאָר פאָלק ביי אים אין קו־עמעל.

— נע, דאַנקען גאָט! מען האַלט שוין אַזוי ווייט, שוין ביי דער חתונה. פון עשרת ימי תשובה ביז יום כפור איז אַלעס פאַרטיג געוואָרען.

מינדעל ר' שמעריל'ס האָט שוין חתונה אין אַ גוטע שעה! די מאַמע איהרע גיט איהר אַוועק דאָס שטיבעל, מיט דעם באלעבאטישקייט, דאָס הייסט: דאָס איינציגע בעט וואו מינדעל שלאָפט מיט דער מאַמע, טרעט אצונד אָפּ די מאַמע פאַר דער טאָכטער. — ניש־קשה, איך וועל זיך צושפּארען ביים אויווען, עס וועט זיין אַ גאַנץ גוט געלעגער. און פאַר'ן יונגען מאַן שטעהט נאָך דאָס גרינגע באנקבעטעל פונ'ם אלטען עליו השלום. נאָר וואָס טוט מען מיט דער ציג? די ציג איז די איינציגע פרנסה געבעריין, ווייל די מילך פון דער שמערעליכע'ס ציג איז אַ רעגעלע רפואה!

און געגעבען האָט די ציג טאָקע נאָר פאַר אַ רפואה, נאָר מען האָט איהר אָבער גוט באַצאָלט פאַר דער מילך, ווייל אַלע אין שטעטעל האָבען געוואוסט אַז די שמערעליכע וועט ליבער שטאַרבען פון הונגער און וועט ניט נעמען ביי יענעם. דאַפיר האָט מען געקויפט איהרע ציגענע מילך פאַר זייערע קליינע קינדערלעך בעסער ווי אַ מעדיצין אין דער אַפּטייק, און באַצאָלט האָט מען איהר ווי פאַר אַ מעדיצין. קען מען זיך פאָרשטעלען, אַז די ציג איז געווען אַ טייערע זאַך און מען האָט איהר אָפּגעגעבען דעם אויבען־אָן אין דער איינציגער שטוב.

— אָבער נישט־קשה, ער וועט זיך צוגעוויינען, איצע מאיר, צו לעבען מיט דער ציג אין איין שטוב...

הייסט עס, ניט צו פאַרזינדיגען, מסתמא וועט איבער הונדערט יאהר נאָך דער מוטער, מינדעל בלייבען ביי דער ירושה און ביי דער חזקה, מיט די ציגענע מילך אויף אַ רפואה, און דאָס איבריגע איז ביי גאָט...

מינדעל איז אמאָל געווען אַ שעהן מיידעל. אַ הויכע, בלאָנדע, מיט בלויע אויגען און אַ זיסען נאַאיווען שמייכעל. האָבען זיך אַ סך בעלנים געטראָפען. אָבער מינדעל'ס פאָטער איז געווען אַן איבערקלייבער, געוואָלט אַן איידעם אַ מיוחס, אַ וואויל־קענער. אין מיטען דרינען האָט ער געגעבען אַ שטאַרב. איז מינדעל מיט דער מוטער געבליבען זעהר פאַראָרימט, ווייל דעם פאָטער'ס קרענק האָט אַלעס אויסגעבראַכט, ביז צום לעצטען. זיינען ביידע פרויען, מוטער און טאָכטער, געווען זעהר פאַרביטערט און פון אַ שידוך ניט געוואָלט הערען, ביז מינדעל איז אריינגעוואַקסען אַ היבש ביסעל אין די דרייסיגער און איז פון צרות און דחקות אין גאַנצען פאַרענדערט געוואָרען.

— מען האָט די כלה אויסגעבאָדען שיינט זי גאָר — האָבען יונגע לייט זיך געוויצעלט.

— און ווי דאָס חופּה קלייד פּאַסט איהר, ווי אויף איהר די מאָס גענומען, און דער בראַט־שלייער פּאַסט איהר כּלה'ס חן — האָבען זיך די ווייבער געפרעהט.

— זי האָט זיך ניט געוואָלט אנטאָן ביז מען האָט געבראַכט דעם בראַט־שלייער — האָט די אַלטע גבאי'טע דערצעהלט. אָבער וואָס טוען ניט אונזערע אידען פון מצוה וועגען? האָט מען געזוכט און געפונען און געבראַכט א שלייער. און כּלי־זמר זיינען געווען יאשקע מיט'ן פּייקעל און וואַלקע מיט די טאַצען, און מען איז נעגאַנגען א פּאַלקא, צום טאַקט האָבען זיי אויסגעקלאַפּט דעם טאַנץ ווי געניטע כּלי־זמר.

מינדעל, די כּלה, איז געזעסען ווי א פאַר'חלום'טע און ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר א וועלט זי איז... צי מיינט מען טאַקע זי? און ווי האָט זי זיך געקאַנט פּאַסען צו אזא הויקער, א קריפּעל, א האַלבער מענש? און אז זי איז מיט אים געווען ראש השנה אין וועלדעל, איז וואָס? איז זי דען באַגאַנגען א זינד? מאַלע מען געהט איז זי דען געווען די איינציגע פון שטעטעל אין וואַלד? אָבער יענע זיינען יונגע פול מיט לעבען, פאַר זיי איז די וועלט, און זי? א מיידעל אין די יאהרען, א פאַרזעסענע, א יתומה און אַן עלענדע און זי האָט זיך שווער אָפּגעזיפצט. איצע מאיר דער הויקער איהר חתן!.... ווען איהר טאַטע שטעהט אויף פון קבר וואָלט ער צוריק געשטאָרבען פאַר וועהטאג. זיין איינציגע מינדעלע!....

— צום באַדעקענס! צום באַדעקענס! — איז געוואָרען א געפּילדער, — זאָל מען די כּלה באַזעצען!

די מוזיק קלאַפּט צו טרויעריגע טענער און די ווייבער וויינען אוןווישען די אויגען שנייצען די נעז. צוויי לאַנגע, דאַרע אידען האָבען אריין געפיהרט דעם חתן, מען האָט אים קוים ארויס־געזעהן. ווי אין א נעפּעל האָט זי נאָר געזעהן זיינע שוואַרצע

צושראָקענע אויגען פול מיט ליבע און פארגעטערונג צו זיין געליבטער כלה.

ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט אזא גליק, צו האָבען מינדעל ר' שמעריל'ס פאר א כלה. און אז זי איז אביסעל עלטער? נו איז וואָס? — האָט ער זיך געטראַכט.

מען האָט זיך ארומגעדרעהט מיט דער כלה ארום דער חתן, אָבער זי האָט כמעט ניט געפיהלט צי זי לעבט... מען האָט זי געשלעפּט, זי האָט זיך געפלאָנטערט מיט די פיס און וואָלט זיכער געפאלען ניט איינמאָל, ווען מען פיהרט זי ניט.

— מזל טוב! מזל טוב! — האָט זי געהערט אַלע שרייען. א טייל האָבען זיך געוואָרפען צו איהר זי קושען. די אַנדערע זיינען געגאַנגען א האָפּקע איבער'ן שוהל הויף וואו עס איז געווען א היפש ביסעל בלאָטע. א געמיש: ווייבער, אידען, מוידען, אַלע צוזאַמען האָבען געהויבען די פיס, פארהויבען די פאָלעס און געפּלעסקעט מיט די הענט און געקנאַקט מיט די פינגער צום טאַקט פון פייקעל. פון דעם אַלעמען איז געווען א געדיכטער מיש־מאַש וואו קונדסים האָבען זיך ערלויבט אריין צו ווארפען א פיר קוילען מיט באדאקעס וועלכע האָבען זיך נאָך פאָרוועלגערט פון זומער. מיט שווערע מיה האָט מען ארויסגעשלעפּט די חתן כלה אין א יחוד שטיבעל.

— מזל טוב אונז, מינדעלע! — האָט דער חתן איהר צוגע־וואונשען. און זי האָט עפּעס שטיל א שעפּטשע געטאָן און ניט געוואוסט וואָס. אָבער באַלד האָט זיך דער עולם אריין געריסען ווי א וויכער מיט א געפּילדער, מען זאָל חתן כלה זעצען צום טיש, דען זיי האָבען נאָך ניט אָפּגעפאַסט פון אזא שווערען יום כפור.

ביים טיש האָט זי שטיל באטראַכט דעם מענשעל מיט וועמען דער שיקזאַל האָט זי פארבונדען אויף אייביג.

דער נפש איז געזעסעןביים טיש, מען האָט אים קוים ארויס־געזעהן. א הויקער פון פאָרענט, א הויקער פון הינטען, א דאַר, אויסגעצויגען פּנים, נור צוויי שווארצע פינקעלדיגע אויגען. א פארדינער איז ער געווען — געקענט פארדינען וואסער אויף קאשע.

ער איז געווען אַן ארויס־העלפער ביי פּיישע דעם שניידער. זיי פלעגען ארומגעהן איבער דערפער, שטעטלעך, און ביי בעל־הבית'טעס וועלכע האָבען זיי שוין געקענט, גענעהט. גענעהט האָבען זיי וואָס עס האָט זיך געמאַכט. פּיישע איז ניט געווען קיין איבערקלייבער. איז געווען מענער ארבייט, איז מענער ארבייט! פרויען ארבייט — איז פרויען ארבייט! און אפילו א טלית־קטן האָט ער אויך געוואוסט צו נעהען. און א מאָל אז עס האָט זיך געמאַכט תכריכים, האָט ער אויך געוואוסט צו נעהען. און איצע מאיר, זיין רעכטע האנט, האָט אים פארשטאַנען אפילו אויף שטום לשון. ער פלעגט אים אונטערטראָגען די נאָדעל אונטער דער נאָז, האָט ער שוין געוואוסט אז ער דארף אריין ציהען א פאָדעם אין נאָדעל... און געווען איז ער אויף דעם א ספּעציאליסט, ניט געדאַרפט אפילו קוקען און שוין אריינגעצילט דעם פאָדעם. ער פלעגט זיך נאָר וואונדערען: זיין בעל הבית איז שוין אפשר פופציג יאהר א שניידער און קען ניט אריין ציהען דעם פאָדעם אין נאָדעל.

פּיישע דער שניידער פלעגט קומען צוויי מאָל אין יאהר צו אלע זיינע בעלי בתים: פאר ראש השנה פלעגט ער וויסען איז פאראנען צו נעהען ציצינע קליידלעך פאר די ווייבער, אין שוהל צו געהן. דאמאלס האָבען ביידע געשוויצט און גענעהט, ווייל פון א מאשין האָבען זיי ניט געוואוסט צו נעהען, נאָר מיט די הענט.

אז זיי פלעגען קומען צו א בעל־הבית'טע נעהען, איז געוואָרען א טאראראם, גלייך מען וואָלט גענעהט חתונה קליידער. דעם טיש געשטעלט ביים פענסטער און מיט א פּאוואקע האָט זיך פּיישע

גענומען צו שניידען. ביי א קליידעל זיינעןביידע אפּגעזעסען דריי טאָג און געשוויצט. געקראָגען עסען און א געלעגער צום שלאָפען. א בעל־הבית'טע אז זי האָט ניט געהאַט וואו צו מאַכען א געלעגער, האָט זי זיי ניט געקענט קריגען צום נעהען, כאַטש זיי זיינען ניט געווען איבערקלייבעריש צום שלאָפען וואו עס איז, אין א שייער אויף העי, אז ער איז נאָר ניט קאַלט געווען.

געקראָגען האָבען זיי דרייסיג קאָפּיקעס פאַר א קליידעל נעהען מיט עסען. פונדעסטוועגען האָט איטצע מאיר געקראָגען א רובעל א וואָך מיט קעסט און קוואַרטיר וועלכעס זיי פלעגען קריגען ביי די בעל הבית'טעס, האָט פיישע דאָס צוגערעכענט איצע מאיר'ן צו די שכירות.

אָט דאס אַלעס האָט מינדעל געוואוסט פון איהר גרויסען גליק וואָס האָט זי געטראָפען, אָבער וואָס האָט זי געקענט טאָן די עלענדע, אָרימע יתומה? פאַרזיצען איז ניט ביי אידען! און עס איז ניטאָ קיין אידישער קלויסטער...

# די צושטערטע סעודה

ר' משה יעקב לאם, אָדער ר' משה יעקב דער גבאי, ווי מען פלעגט אים רופען אין זיין שטאָדט, איז געוועזן כמעט דער שענסטער בעל הבית. ר' משה יעקב דער גבאי איז געוועזן רייך און אנגעזעהן, א בן תורה און אַ קלוגער איד. ער האָט שכל געהאט ווי צו לעבען. ער איז געוועזן דער צירונג פון אַ אידישען טיפּ: הויך און קרעפטיג, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ הויכען שטערען, אַ שעהנע, ברייטע האַלב גרויע באָרד, וועלכע ער האָט ליב געהאט אַלע מאָל דורך צו קעמען מיט זיינע איידעלע פינגער. ער איז געוועזן אַ ריינער, ער האָט ליב געהאט ארדענונג און דיסציפּלין. זיין לאַנגע קאַפּאָטע האָט אויף אים געשמעקט פאַר ריינקייט, עס איז געוועזן אַ מחיה צו קוקען אויף אים.

ר' משה יעקב איז ניט געוועזן קיין פאַנאַטיקער, אָבער אויך ניט קיין משכיל... ער איז געוועזן אַ ליבעראַלער און א מענשען ליב־האבער. געוועזן גוט פריינד מיט קריסטען און פּריצים. אַלע האָבען אים געליבט, געשעצט און רעספּעקטירט. זיין נדבה איז געוועזן די שענסטע. שבת צום טיש האָט ניט געטאָרט פעהלען עטליכע אורחים וועלכע ער האָט מהנא געוועזן מיט אַ פרעהליך פּנים, איינגעגעבען יעדען מוט צום לעבען און קעמפען.

ביי ר' משה יעקב אין הויז האָט זיך גע'רעש'ט: ער האָט חתונה געמאַכט די מוזינקע. די גאַנצע שטאָדט איז געגאַנגען אויף רעדלעך, אַלע האָבען זיך פּאָרבערייטעט צו דער חתונה, דען אַז ר' משה יעקב האָט חתונה געמאַכט, האָט זיך די שמחה געצויגען אַ גאַנצע וואָך. יעדען טאָג האָט מען געמאַכט אַן אנדערע סעודה:

דאָ פאַר אָרימע לייט; דאָ פאַר פּריצים און קריסטען; דאָ פאַר'ן געריכט וואו ער איז געווען „אוראַדניק“ און דער „סטאַראסטאַ“ (בייזיצענדער אין געמיינדע). אַז אַלע זיינען געווען זיינע פריינד, אַלע זיינען אים געווען אַ דאַנק שולדיג פאַר עפּעס אַ וואָהלטהאַט, דערפאַר אַז ער האָט געמאַכט אַ שמחה, האָט ער געוואוסט אַז ער דאַרף געווען אנגרייטען אום צופרידען צו שטעלען יעדען.

דערפאַר האָט מען אנגעגרייט עטליכע שטיק בהמות צום שעכטען און פיעל גענז, היהנער און קאַטשקעס.

הינטען, אין הויף, אונטער'ן גרויסען הויז, אויף געפּלאַסטערטע שטיינער, איז געשטאַנען דער יונגער שוחט ר' פייוועלע און פלינק געשניטען די העלזער פון די לעבעדיג צאַפּלענדע בהמות און עופות, ווי ער וואָלט געשניטען דאס גראָז אין פעלד... ער האָט ניט געאַכטעט צו זייער ברומען און קוויטשען און צאַפּלען זיך, ער האָט געטאָן זיין פליכט. ר' משה יעקב איז געשטאַנען און צופרידען בעאָבאַכטעט אויף זיינע שנעלע באַוועגונגען און צו זיך אַליין געזאָגט:

— ער איז אַן אמת'ער מזיק צו שניידען העלזער!

אַרום זיי זיינען געשטאַנען אַ חברה אינגלעך און געקוואָלען פון נקמה אויף דעם גרויסען גאָנער און גרויסען האָהן וועלכער פלעגט זיי אָפט נאָכלויפען און בייסען אַז זיי האָבען געטשעפּעט די יונגע, קליינע גענזעלעך אָדער היהנדעלעך וועלכע זיינען נאָך געווען יונג און שוואַך, אָהן פעדערען נאָר מיט יונגען פוך באַוואַקסען און ניט געקענט אנטלויפען צו באַשיצען זיך פון די אנגרייפער חברה להכעיס'ניקעס, פלעגט זיי דער גאָנער אָדער דער האָהן באַפאַלען מיט זייער שנאָבעל אַלס די באַשיצער פון זייערע קליינע קינדער.

צונד ליגט דער גאָנער און דער האָהן און צאַפּלען זיך, ראַנגלען זיך מיט'ן טויט, וואַרפען מיט די פיסלעך, קלאַפּען מיט די פליגלעך

און עס פליסט רויטע, ווארימע בלוט. דער האָהן האָט נאך געפּרואווט צו באווייזען זיין העלדישקייט: אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פליגעל, זיך געוואָלט אויפשטעלען און געבען אַ קרעהע, אָבער אין מיטען האָט זיך זיין קול אפּגעריסען צו א כאָרכלען און מיט דעם אנשטרענגען איז ארויס אַ שטראָם ווארימע בלוט און אַלעמען באשפּריצט. די אינגלעך האָבען געלאכט, זיך דערלעבט צו זעהן זייער שונא אין אַזאַ לאַגע... ער וועט זיין שוין ניט בייסען דער העלד פון די היהנער ליגט אַ געשאָכטענער!....

ווייבער, מענער, זיינען ארום געלאָפען פארסאָפּעט, איילענדיג. מען האָט געשונדען די פעלען פון די בהמות, זיי צו האקט, צו שניטען, איינגעווייקט אין גרויסע שאפען, כשר געמאכט כדת וכדין. ווייבער האָבען געפּליקט די עופות, קאטשקעס און גענז, אַלעס פאר דער גרויסער סעודה אנגעגרייט כיד המלכות...

עטליכע טעג האָבען שוין מוזיק געשפּילט פאר די טישען פון די אָרימע סעודה וועלכע זיינען געווען צוגעגרייט ווי פאר רייכע געסט מיט אַלעם גוטען מיט אַ נדבה אַ צו. דערביי איז מען געגאַנגען אַ פרעהליכע האָפּקע וועלכע די אָרימע האָבען זיך דער פיהלט געהויבען ביי אַזאַ פריינדליכע אויפנאַמע מיט כל טוב.

דעם טאָג פון דער חופּה זיינען טישען געדעקט געוואָרען מיט כל טוב פאר דער גאַנצער פּני פון דער שטאָדט. עס האָבען זיך געזעצט אויבענאָן די גרעסטע: דער רב מיט די מחותנים. די מוזיק האָבען געשפּילט, דער בדחן האָט יעדען מחותן אויסגערופען נאך זיין מורינו, אַלע זיינען געווען פרעהליך און גליקליך. ר' יעקב משה איז ארום געגאַנגען צווישען די געסט, אַלעמען געוואָלט צופרידען שטעלען. זיין פּנים האָט געלויכטען פאר פרייד. דער־לעבט זיין מוזינקע חתונה צו מאַכען, מיט זיין ווייב באנאנד; געזונד און רייך; די קינדער אַלע גוט פארזאָרגט. ער איז געווען גליקלעך, אלעמען צוגעטריבען מען זאָל עסען און טרינקען, גע־בעטען מען זאָל ניט זשאַלעווען, עס איז דאָ גענוג.

מען האָט געטרונקען, צוגעביסען מיט די בעסטע לעקעך און שטרודעל. דאַן האָט זיך דער עולם געוואַשען. מען האָט דערלאַנגט צו די טישען טייערע, גוטע פיש וועלכע ווער עס האָט נאָר געוואָלט און מען האָט פאַרטרונקען מיט גוטען שנאַפּס. דער עולם איז געווען פרעהליך, זיך משמח געווען אויף דעם בעסטען אופן. אַ סך האָבען זיך צוקושט מיט דעם בעל שמחה און אים פיל אָנגעוואונשען.

נאָך די פיש האָט מען ארויף געגעבען געבראָטענע פליישען, געפילטע קישקעס, מיט געגנז און קאַטשקעס, מיט העלזלעך, עס האָט פאַרשמעקט דאָס גאַנצע הויז און ווייט ארויס איבער'ן הויף. די דרויסענדיגע, די קוקערס, ווי עס פעהלט ניט צו יעדער חתונה אין יוראָפּ, אַ גרויסע ארמעע קוקערס, האָבען געגאַרט צו געניסען פון די אַלע גוטע זאַכען. עס האָט זיי געשפּריצט די סלינע פון מויל, דאָס הארץ איז זיי איבערגעגאַנגען זעהענדיג די גוטע, ברוינע קישקעס און געגנז.

דער עולם ביים טיש איז אַ פּאָר מינוט געזעסען און געקוקט אויף דעם אַלעמען, אויף די גוטע מאכלים, און דאַן זיך אויפגעהויבען, זעכציג מאַן פון איין לאַנגען טיש, מיט דעם רב בראש, און ווי אַ דיסציפּלינירטער רעגימענט סאָלדאַטען, זיינען אַלע ארויס מאַרשירט פון הויז און פאַרלאָזט די חתונה סעודה מיט דער שמחה.

ר' משה יעקב איז געבליבען שטעהן ווי מען וואָלט אים געגעבען צעהן פּעטש אין פּנים וואָלט ער ניט מעהר פאַרשעמט געוואָרען. אזא שאַנדע האָט ער ניט ערוואַרטעט קיינמאָל אין זיין לעבען! האָבען זיי בעסער ניט געזאָלט קומען, איידער אים אַזוי מביש זיין. עס האָט אים פאַרכאַפּט ביים הארץ, אַלע קאָלירען האָבען זיך געביטען אין זיין פּנים, ער איז שיער אנידער געפאַלען אין חלשות, אַזוי האָט עס אים באַטראָפען אָט די באַליידיגונג.

דער איבריגער עולם איז געבליבען זיצען שטיל מיט אראָפּ

געלאָזטע קעפ, אויס מיטלייד מיט דעם גוטען, ערליכען ר' משה יעקב. אלע האָבען אָבער געוואוסט די אורזאך פאר וואָס דאָס איז. דערפאר האָבען זיי זיך באלד בארוהיגט און די שמחה איז ווייטער אנגעגאנגען. דער עולם האָט זיך גענומען צו די אלע גוטע זאכען און זיי ניט פארשעמט...

וואס איז געווען די אורזאך וואס די שענסטע שטאָדט בעלי־בתים האָבען פארשעמט ר' משה יעקב'ן פארלאָזענדיג אין מיטען דער סעודה?

די אורזאך איז געווען: א מחלוקה אין דער קהילה איבער צוויי שוחטים.

די שטאָדט אין וועלכער ר' משה יעקב לאם האָט געוואוינט איז ניט גרויס, אָבער גענוג גרויס, אָדער צו גרויס פאר איין שוחט.

א סך יאהר איז אין דעם שטעדטעל געווען נאָר איין שוחט מיט'ן נאמען ר' לייבעלע, א חסיד'ישער איד, א שטיק פאנאטיקער, א פארברענטער בעלזער חסיד. שוין ביי דרייסיג יאהר אז ער איז געווען דער איינציגער שוחט אין דעם שטעדטעל. איז אָבער דאָס שטעדטעל דורך די יאהרען זיך היפש פארגרעסערט, טאקע דורך אייגענע קינדער: זיינען אונטער געוואקסען, חתונה געהאט; די קינדער האָבען אויך געהאט קינדער, איז צוגעקומען נאך א דור, א יונגער דור, מיט נייע פאָדערונגען, וועלטליכער, פאָרט־געשריטענער, מיט א וועלטליכע בילדונג. די יונגע האָבען גראדע פארשטאנען דעם תלמוד אזוי ווי די אלטע, און אפשר בעסער... ווי דער רב זייערער מיט'ן אלטען שוחט דעם פאנאטישען. דער יונגער עולם האָט ניט געקענט פארטראָגען די פאנאטישקייט, און די פאנאטישע חסידים האָבען ניט געקענט פארטראָגען די פיהרונג פון די יונגע. עס האָט זיך געפיהלט א געדריקטע שטימונג צווישען די צוויי עלעמענטען. די יונגע האָבען געפאָדערט צו פארגרעסערען די כלי־קודש, מאָדערנערע, און דאָ זיינען די אלטע געזעסען אין

זאַטעל, געהאַלטען פעסט די לייצעס און ניט צוגעלאָזט קיין אנדערע. די יונגע האָבען ניט פיעל געפרעגט און האָבען צו ערשט אויפגענומען נאך איין שוחט, א יונגענמאַן, אַן איידעם ביי איינעם פון זייער שטאָדט.

דער יונגער שוחט איז געווען א גרויסער קענער, געקענט גוט תלמוד, געווען א שעהנער דאַוונער מיט א זיסער שטימע, געווען פרום, אָבער א ביסעל וועלטליך: געטראָגען א קורצען ראָק ביים הויז, מיט א שעהן יארמולקע, געווען א שעהנער יונגערמאַן און א קלוגער. די פרומאַקעס האָבען ניט געהאַלטען פון אים, זיי האָבען געמיינט אַז דערמיט איז ער ניט קיין פרומער, דערפאַר האָבען זיי זיך אָפּגעזאָגט צו עסען פון זיין שחיטה.

ר' משה יעקב לאם, וועלכער איז געווען גבאי פון דער איינ־ציגער גרויסער שוהל אין שטאָדט, האָט גראַדע געהאַלטען פון דעם יונגען שוחט. אים מהנה געווען מיט דער כונה אַז מען זאָל אים ניט ארויסשטופּען פון זיין פּלאַץ. ער האָט געזאָגט, אַז עס קען נאך א שוחט האָבען פרנסה. און כאָטש דער אַלטער שוחט ר' לייבעלע איז געווען זיין מחותן, דען זיי האָבען זיך משדך געווען, האָט ער ניט געקוקט דאַרויף און גראַדע גענוצט דעם יונגען שוחט'ס שחיטה. מיט דעם האָט ר' משה יעקב אונטער גענצונדען א פייער צווישען די חסידים. זיי האָבען געשריען אַז מען טאָר ניט עסען פון פייוועלע'ס שחיטה, און ר' משה יעקב האָט געזאָגט אַז מען מעג יא עסען פון זיין שחיטה אַזוי גוט פון זיין מחותן'ס שחיטה, ר' לייבעלע, וועלכער איז אַזאַ גרויסער חסיד.

פון דעמאָלט אָן איז געוואָרען א שפּאַלטונג אין דער קהילה. עס איז געווען צוויי סעקטען, צוויי פּאַרטייען: די חסיד'ישע און די מאָדערנע. איין פּאַרטיי האָט געגעסען פון ר' לייבעלע'ס שחיטה, ווערענד די אנדערע פּאַרטיי האָט נאָר גענוצט דעם יונגען שוחט'ס שחיטה, נאכטועגדיג ר' משה יעקב'ן פון וועמען זיי האָבען שטאַרק געהאַלטען.

אזוי איז אוועק א פּאָר יאהר, עס האָט זיך גערעכט אז אלעס איז שוין פיין און גוט, אויסער מיט דער שחיטה. מען האָט צוזאמען געראַווענט, געטאָן מסחר, נאָר דער רב און ר' לייבעלע שוחט, האָט ניט געקענט מוחל זיין ר' משה יעקב'ן דערפאר וואָס ער האָט פאַרגעצויגען דעם יונגען שוחט וועלכער האָט אויסגעזעהן אין זייערע אויגען ווי א כל־בו'ניק, „טראפניאק" האָבען זיי אים גערופען, און ער עסט נאָך פון זיין שחיטה!

זאָנסט איז געווען רוהיג און שטיל. פאר'ן אויג האָט קיינער ניט געקענט זאָגען אז איינער מיט דעם אנדערען האָט עפּעס צו טאָן. דאס איז אָבער געווען נאָר פאַר'ן אויג, אָבער אין אמת'ן איז געווען ווי א וואולקאן וואָס איז באדעקט מיט א שווערע משא ביז עס ברעכט דורך מיט א שטארקער קראפט וועלכעס טרייסעלט אויף די ערד ארום זיך ווייט און ברייט, און מאכט אָן א שרעקליכען חורבן.

אזוי האָבען עס יעצט באוויזען די חסידים פון דער שטאָדט ב... זיך אָפּגערעכענט מיט ר' משה יעקב לאָם, ניט וועלענדיג עסען פון ר' פייוועלע שוחט'ס שחיטה, און איבער לאָזענדיג אין מיטען דער סעודה. דאס איז געווען פאר ר' משה יעקב'ן א גרויסער פארדרוס, אויף אזא שאנדע האָט ער ניט ערווארטעט, מען זאָל אים פארשאפען אזוי פיעל יסורים ביי זיין קינד'ס שמחה מיט וועלכער ער איז געווען אזוי גליקליך וואס ער האָט דערלעבט מיט זיין פרוי די יונגסטע קינד צו פיהרען צו דער חופּה.

ער האָט אלעס אנגעווענדעט אז די שמחה זאָל זיין אָן אונ־פארגעסליכע, מיט אזוי פיעל פראכט און גלאנץ, ניט געשפּאָרט קיין געלט, אלעמען צו פרידען צו שטעלען, צום סוף?.... נאָר פארפאלען.

עס איז אוועק נאָך א פּאָר יאהר מיט דער שפּאלטונג אין דער קהילה, ווי עס איז אנגעגאנגען נאך מיט מעהר עקשנות, מיט

מעהר פארביסענקייט, ביז די צייט איז געקומען אז אלע זאלען זיך איבערצייגען אין דער גרויסקייט פון דעם יונגען שוחט און זאלען זיך בעטען ביי ר' משה יעקב און ביים יונגען שוחט ר' פייוועלע, זיי זאלען זיי מוחל זיין.

מיט וואס זיי האבען זיך איבערצייגט אין דער גרויסקייט פון יונגען שוחט? אין נעקסטער ערצעהלונג „צער בעלי חיים."

# צער בעלי חיים

אין אַ פריה מאָרגען. די זון איז ארויס העל און וואַרים. אונטער דער וואַרימער זון האָט זיך דער לעצטער שנעע אויף די בערגלעך צו וואַרימט און געמאַכט ווייך די ערד וועלכע איז נאָך געוועזן געפראָרען. עס איז געוואָרען די ערד ווייך און בלאָטיג, מיט קאַליזשעס, און ריטשקעלעך זיינען געלאָפען ביי די זייטען פון וועג. אויף די בערגלעך האָבען זיך געצייגט גרינע בלעטלעך מיט ווייסענקע יונגע בלימעלעך וועלכע האָבען זיך צו וויקעלט נאָך אונטער'ן שנעע. זיי האָבען געקוקט צו דער יונגער פרילינג זון מיט צועפענטע אויגעלעך ווי נאָר וואָס געבאָרענע קינדערלעך וועז זיי דערזעהן די וועלט. פון ביידע זייטען וועג זיינען געשטאַנען ברייטע בוימער אויף וועלכע די בלעטער האָבען זיך צו וויקעלט און געוואָרען געדיכט ניט דורך לאָזענדיג די זון עס זאָל די ערד, דעם וועג אפטריקענען, דערפאַר איז געוועזן שווער דעם וועג דורך צו געהן, מען האָט געמוזט זיין פאָרזיכטיג אום זיך ניט שטאַרק איינשמירען אין די ווייכע בלאָטע. נאָר די זון האָט זיך ריין און הערליך שפּאַצירט איבער איהר רייך. דער הימעל איז געוועזן בלאָה און לויטער, נאָר איינציגע ווייסע פּוכקע וואָלקענדלעך האָבען זיך ארום געשפּילט ווי קינדער.

אין אַזאַ פריהמאָרגען איז געגאַנגען ר' פייוועלע שוחט און זיך געאיילט צו טאָן זיין שליחות, אין שעכט הויז... פאַרהויבענדיג די פּאָלעס פון זיין לאַנגען בגד און זיך באַמיהט אויסצומיידען די בלאָטעס. ער האָט ניט צייט געהאַט צו בעאבאַכטען די הערליכקייט פון דעם פריהמאָרגען. עס האָבען זיך געטומעלט פאַרשידענע

גערזאַנקען איז זיין קאָפּ, נייע געדאַנקען. שוין אַ צייט אַז די געדאַנקען מאַטערען אים.

ביז אַ צייט בעפאָר איז אים אפילו אויפ׳ן געדאַנק ניט געקומען אַז ער טוט עמיצען אַן עולה דערמיט וואָס ער שעכט בהמות און עופות, זיי זיינען דערצו בעשאַפען געוואָרען פאַר׳ן מענשענ׳ס געברויך, און דער מענש מעג דערמיט טאָן וואָס ער וויל.

געהעגדיג אַזוי, האָט ער געטראַכט — ווי קומט דאָס וואָס ביז ניט לאַנג האָט ער ניט געטראַכט דערפון? ער, וואָס פיהלט מיט יעדען מענש און קען קיין טרערען ניט זעהן, האָט קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן אַז אויך די שטומע בהמות, די שטומע באַשעפעניש, לעבט און פיהלט די זעלבע שמערצען ווי דער מענש! אַז אַ מענש קריגט אַ וואונד, וויינט ער ווייל ער פיהלט שמערצען, קען דאָך זיין אַז אַלעס וואָס לעבט פיהלט די שמערצען אַזוי ווי דער מענש... וויינט און בעט זיך מען זאָל אים העלפען לינדערען די שמערצען, ווי־זשע קומט דאָס אַז אַ מענש זאָל זיין אַזוי גרויזאַם און קאַלט־בלוטיג שעכטען דאָס וואָס לעבט און פיהלט צו גלייך ווי דער מענש?

עס געהט איבער אַ גרויל, אַז מען שטעלט זיך פאָר, אַט ערשט האָט עס געלעבט געהאַט זיין פאַרשטאַנד לויט זיין שטייגער, און באַלד נעמט דער מענש און מאַכט דערפון אַ ראָסעלפלייש און עסט גאַנץ קאַלטבלוטיג מיט אַפּעטיט. אָט די גרויזאַמקייט ביז דער מענש וועט ניט אָפּשאַפען וועט אויך די גרויזאַמקייט פון דער מענשהייט ניט אָפּטרעטען.

מענשען זיינען בלוט דורשטיג. מען זאָגט, אין אַ מלחמה אַז די זעלנער דערזעהן בלוט, ווערען זיי צו רייצט ווי חיות, און וואָס גרעסער דער בלוט באָד, אַלץ גרויזאַמער, שרעקליכער ווערען זיי, ווילדער, און זוכען בלוט צו פאַרגיסען.

דאס איז פארדאמט שרעקליך די מאָדע פון פלייש עסען. א זאך וואָס לעבט, פיהלט, נאָר איז מאכטלאָז זיך צו פארטיידיגען, דער שטארקער פארשלינגט דעם שוואכערען...

— יא, ליידער אזוי איז עס, — און ער האָט זיך שווער אָפּגעזיפצט און געפיהלט דעם וועהטאג פון געוויסען. די פאָר־זעהונג איז איראָניש, גראדע דעם גוטהערציגען האָט זי אויס־געקליבען צו זיין א שליח פון בלוט פארגיסונג.... אזוי געהענדיג און טראכטענדיג האָט ער ניט געזעהן ווי לייביש דער קצב איז אים אקעגען געקומען און אים באגריסט.

— גוט מאָרגען!

— א גוט מאָרגען, א גוט יאהר! — האָט ר' פייוועלע שוחט געענטפערט מיט זיין געוואוינליכען שמייכעל.

— וואס אזוי באטריבט, ר' לייביש?

— אט וואס זאל איך זיין פרעהליך אז דער מזל האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן.

— וואס־זשע, שוין ווידער א טריפה?

— ליידער יא, — האָט דער קצב געענטפערט און זיך שיער צו וויינט.

— נו וואס דארף מען זיך דען נעמען אזוי דעם לעבען?... מילא, עס מאכט זיך, איהר זייט ניט דער ערשטער, א קצב מוז זיין געפאסט צו היזק אויך.

— יא, אז מען האָט נאָר וואס צו פארלירען. איך האָב ליידער שוין אלעס פארלאָרען. וואו א צושיקעניש, זאָל שוין זיך נאָט מרחם זיין. עס קומט מיר אויס צו פארמאכען די יאטקע.

— ע, צו פארמאכען די יאטקע? — האָט ר' פייוועלע זיך אָפּגערופען, — וואס־זשע איהר קענט שוין לעבען פון פריצענט?

— יא פון פרוצענט, — האָט דער קצב ביטער געשמייכעלט.
— ווען מיין ווייב גיט מיר ניט איהרע אוירינגלעך צו פארזעצען, וואָלט איך אויף דער בהמה ניט געהאט. איך האָב געהאָפט: כ'וועל לייזען, וועל איך זיי אָפּנעמען. און אייגענטליך איז עס איהר גאנץ פארמעגען, זי האַלט עס טייער ווי אַן אויג אין קאָפּ. דאס איז די מתנה פון אונזער חתונה, אַן אנדענקען. נו צונד געה! די לעצטע צייט האָט זיך אַזוי שלעכט געמאכט, נאָר עס טרפה'ט זיך, און דאָ איז גרויס פּאָסטען, די גוים עסען ניט קיין פלייש, קומט אוים עס ארוים צו ווארפען פאר די הינט; און היינט־זשע די קונים, זיי דארפען פלייש אויף שבת, אַ שאָד זיי לאָזען צו לויפען, אנווערען די קונים, איז כאָטש נעם אַ טאָרבע און געה איבער די הייזער!

— יא, די קצבים באקלאָגען זיך דאָס זיי דערלייגען: עס טרפה'ט זיך ביי זיי. — האָט ר' פייוועלע שוחט באַדויערט.

— נו יא, אַ סך, זיי האָבען וואס צו דערלייגען! — האָט ר' לייביש געענטפערט.

— ס'איז אמת. אָבער קיינער וויל ניט דערלייגען! — האָט פייוועלע שוחט געזאָגט.

— יא, דאס איז אויך אמת. איך מוז אייך זאָגען ר' פייוועל, אַז די קצבים רעדען זיך אונטער: זיי זאָגען אַז די לעצטע צייט קריכט נאך דער שלים־מזל אונזער אַלטען... — ער האָט ניט אנגערופען דעם נאמען פון יענעם שוחט וועלכען ער האָט געמיינט.

— ער איז ניט שולדיג. — האָט ר' פייוועלע פארענטפערט זיין געגנער.

— ער איז טאַקע ניט שולדיג, אַלע זאָגען אָבער פּאָרט אַז איהר זייט מעהר מזל־דיג, ביי אייך טרפה'ט זיך ניט אזוי פיל.

— און וואָס זאָגען ר' לייבעלע'ס חסידים? — האָט ר' פייוועלע געפרעגט.

ר' לייביש האָט אראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ און געשוויגען.

— איהר שווייגט ר' לייביש? איך וועל אייך זאָגען וואָס זיי זאָגען. זיי זאָגען, אַז איך בין ניט מדקדק, אַז איך בין גרינג, דערפאַר קוק איך אוועק און עס כשר'ט זיך ביי מיר... און איך זאָג אייך ר' לייביש, אזוי ווי מיר שטעהען אונטער'ן הימעל פון גאָט, אַז איך בין אזוי גוט מדקדק ווי אַלע שוחטים ! — האָט ר' פייוועלע ביטער אויסגערופען מיט אַ הייליגער שבועה.

— איך גלויב אייך ר' פייוועלע, איך גלויב אייך!

און זיינען אַ מינוט געשטאַנען און ניט גערעדט.

— וואו געהט איהר צונד, ר' לייביש?

— איך געה אַהיים, וואָס דען קען איך טאָן? די בהמה איז טריפה.

— אָבער וואָס וועט איהר טאָן מיט די קונים, זיי דאַרפען דאָך פלייש אויף שבת?

— נו וואס קען איך העלפען, אַז איך בין אזוי אומגליקליך, כאָטש נעם און געה אין די הייזער!

— אַ, עס איז נאָך ניט אַזוי שלעכט! איהר האָט נאָך גענוג פריינד וואס וועלען אייך העלפען. אָט האָט איהר דרייסיג רובעל, געהט אין מאַרק אריין און קויפט אַ שטיקעל בהמה. איהר וועט מיט גאָט'ס הילף אָפּגעבען, ווען איהר וועט האָבען. — און האָט דערלאַנגט דעם קצב דרייסיג רובעל. דער קצב האָט ניט געקענט

ענטפערען א וואָרט פאַר איבעראַשונג, און זיך ניט געקענט גלויבען אַזאַ זאַך: דאס גראַדע וואָס ער איז זיין געגנער, זאָל אים העלפען אין נויט! ער האָט געוואוסט אַז פון יענעם שוחט האָט ער ניט געקענט ערוואַרטען אַזאַ זאַך ווי צו טאָן א טובה אימעצען! אָבער ר' פייוועלע האָט אים ניט געלאָזט לאַנג טראַכטען און אים דאס געלד אריין געלייגט אין האַנט אריין מיט פריינדליכען שמייכעל, זיך געזעגענט און גיך אוועק זיין וועג.

לייביש דער קצב איז א ווײַלע געשטאַנען, ניט געוואוסט וואס ער זאָל טאָן, אָבער באַלד האָט ער זיך ערוואַכט ווי פון א שלאָף און מיט גיכע טריט אוועק אין מאַרק אריין. עס איז שוין געווען שפּעט און ער האָט נאך ניט געגעסען. דאס הארץ האָט געגומען נאָגען, דער מאָגען האָט געמאָנט זיין חוב, אָבער ער האָט זיך ניט צוגעהערט, נאָר געלאָפען זוכען א בהמה'לע. ער האָט ניט געוואָלט קומען צו זיין ווייב מיט ליידיגען, זי זאָל ניט האָבען קיין טענות, ווי געוואוינליך ווייבער האָבען ליב, האָט ער ביי זיך געדענקט. דאַרום האָט ער גלייך געוואָלט אַז זיין שאדען זאָל זיך אומקערען איידער זיין ווייב ווייסט דערפון.

אין מאַרק האָט ער ניט לאַנג צייט געהאַט צו שפּעקולירען, גראַדע געטראָפען א גאַנץ גוט שטיקעל סחורה, יונג און פעט. ער האָט זיך געפרעהט מיט דער כשר'ער מציאה, ווי מען זאָגט אין יוראָפּ.

ער האָט געכאַפּט די בהמה, זי גיך אוועק געפיהרט צום שעכטען.

ר' לייבעלע שוחט האָט ליב געהאַט צו מאַכען חסידישע הויות: אויסגלעטען דעם חלף אויף זיין נאַקעטער האַנט, דורך געפיהרט א פּאָר מאָל דעם שאַרף צווישען די שפּיץ פינגער, און אַז ער האָט געפונען אַז עס איז קיין פגימה ניטאָ, איז ער צו געגאַנגען און אָפּגעשאָכטען די בהמה, אָפּגעווישט די וואַרימע בלוט און דאָן

זיך געגומען בודק זיין. אויפגעשניטען דעם בויך און באַקוקט די אינגעווייד פון דער בהמה.

לייביש קצב איז געשטאַנען און געציטערט, עס האָט ביי איהם געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן פאַר שרעק זעהענדיג ווי דער שוחט מאַכט אַ קרומע מינע און הייסט אַרויסנעמען דעם לונג אויפ׳ן טיש אַרויף. מען האָט אַרויף גענומען די לונג און ער האָט געדרייט און געזוכט און ניט געוואָלט אַרויסזאָגען דאָס ענטשיידענע וואָרט. ער האָט געזעהן אַז דער קצב שטעהט קוים אויף זיינע פיס פאַר שרעק.

— איך וועל אליין ניט פּסק׳ענען — האָט ער געזאָגט — לאָז מען דאָס נעמען צום רב.

ביים רב איז געווען דאָס זעלבע. ביידע, דער רב און דער שוחט האָבען געזעהן אַז די בהמה האָט נאָך אַ גרעסערע סירכא ווי יענע און עס איז קיין פראַגע אַז די בהמה איז טריפה, אָבער ווי זאָגט מען עס דעם אומגליקליכען קצב? ער איז געווען בלייך און טויט און זיך געמוזט אָנשפּאַרען אום ניט אנידער צו פאַלען. אָבער זעהענדיג זיין אומגליק און ניט געגעסען אַ גאַנצען טאָג, האָט עס איהם אַ קלעם געטאָן ביים האַרצען און ער האָט אנגעהויבען צו חלוש׳ען. עס איז געוואָרען אַ געוואַלד, מען האָט זיך גענומען אָפּמינטערען דעם אָרימען קצב. ווייבער זיינען זיך צוזאמען געלאָפען, עס איז פול געוואָרען דאָס הויז ביים רב. דאָ איז פלוצים אָנגעקומען צו לויפען הנה לאה די קצב׳טע, מיט אַ געוויין איז זי אריין צום רב, מיט אַ געוואַלד, וויינענדיג און כליפּענדיג זעהענדיג איהר מאַן אַ האַלב טויטען און זי האָט שוין געוואוסט די אורזאַכע דערפון.

חנה לאה די קצב׳טע האָט זיך געערגערט אַ גאַנצען טאָג דאָס איהר לייביש האָט נאָך היינט ניט געגעסען. איז זי אוועק געלאָפען צו דער יאַטקע. זי האָט געדיינקט אַז ער שטעהט און האקט

פלייש און איז צופיעל באשעפטיגט און קען ניט געהן אהיים עסען. געהענדיג צו דער יאטקע האָט זי געהערט אַ טומעל ביים רב, איז זי אריין זעהן וואס דאס איז, האָט זי געטראָפּען איהר אייגענעם נחת.

זי האָט געזעהן דאָס אינגעווייד פון דער בהמה ביים רב אויפ'ן טיש און לייביש זיצט אַ האַלב טויטער, האָט זי זיך משער געוועזן וואס דאס מיינט. אַלס מען האָט אָפּגעמינטערט דעם קצב האָט ער ארויס געקרעכצט.

— רבי, איז שוין אַלעס פאַרלאָרען?

— איך האָב נישט געזאָגט, איך האָב נאָך ניט גע'פּסקנ'ט. עס קען זיין מיר וועלען נאך זעהן — אָבער דער רב האָט ער נאָר געזאָגט אום דער אומגליקליכער קצב זאָל אביסעל צו זיך קומען.

— אידען ראַטעוועט מיין כבוד! לאָזט מיך ניט צו גרונדע געהן! עס איז פרעמדע געלט! — ער האָט ניט געוואָלט זאָגען ווער עס האָט אים דאָס געלט געגעבען ניט ארויס צו רופען אַ פיינדליכקייט, יעצט אין דער קריטישער מינוט.

— רבי, — האָט ר' לייבעלע שוחט געזאָגט מיט אַ זיכערע שטימע — לאָז מען רופען מיין מחותן משה יעקב.

דער רב איז געווען אין פערלעגענהייט. שוין דריי יאהר זייט דער סעודה ביי משה יעקב'ס חתונה זיינען זיי גאָרניט קיין גוטע פריינד, און זייט דעמאָלט איז נאך משה יעקב ניט געווען ביים רב אין הויז, און צונד זאָל ער זיך ערנידריגען און אים שיקען רופען? דאָס הייסט זיך ערנידריגען, צייגען אז ער ווייסט ניט אליין אַז עס קומט צו אַ הארבע שאלה צו פסקנ'ען! אָבער קוקענדיג אויף דעם געבראָכענעם קצב און אויף דער וויינענדער קצב'טע, האָט ער נאָכגעגעבען און געהייסען רופען ר' משה יעקב לאָם.

ר' משה יעקב האָט געהאַט אַ גרויסען קאַמפּף מיט זיך: צו זאָל ער געהן צום רב צו גיין? נאָר הערענדיג פון דעם גרויסען צער פון ליביש קצב מיט זיין ווייב, איז ער אַוועק צום רב.

אַלע ביים רב האָבען אָפּגעטראָטען דעם וועג פאַר ר' משה יעקב'ן. ווי אַ זיסער מלאך איז ער אריין געקומען צווישען דער חברה און איז צו צום טיש. דער רב האָט אים געגעבען שלום און געוויזען אויף דער שאלה. ר' משה יעקב האָט באַקוקט און געענטפערט.

— אָהן ר' פייוועלע שוחט וויל איך גאָר ניט זאָגען. זאָל קומען ר' פייוועלע, וועלען מיר זעהן.

דער רב און ר' לייבעלע שוחט און נאָך אַ פּאָר פון זייערע חסידים האָבען זיך דורך געקוקט מיט פאַרדרוס, אָבער נאָך אַ פּאָר מינוטען האָט דער רב געזאָגט.

— גוט, זאָל מען רופען פייוועלע שוחט אהער. — עס האָט לאַנג ניט גענומען און פייוועלע שוחט איז געקומען. אַז לייביש קצב האָט דערזעהן ר' פייוועלע שוחט, האָט ער געגאָסען מיט טרערען און דאַביי ביטער געשמייכעלט און געזאָגט.

— איהר זעהט ר' פייוועלע מיין מזל?...

— גאָט וועט העלפען. — האָט ר' פייוועלע געענטפערט פריינדליך מיט מיטלייד, און איז צו געגאַנגען צום טיש.

ר' משה יעקב האָט אים געצייגט די שאלה. זיי האָבען ביידע באַקוקט. דאַן איז ר' משה יעקב צו געגאַנגען צום שאַפע מיט ספרים, ארויסגענומען אַ גרויסע גמרא, אַוועק געלייגט אויפ'ן טיש. ר' פייוועלע שוחט האָט געעפענט, געזוכט, אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט איבערגעמישט און עפּעס געזוכט, דאַן האָט ער אנגעצייגט מיט'ן פינגער צו ר' משה יעקב'ן. ביידע האָבען זיך אריבער געבויגען איבער דער גמרא און געקוקט.

— רבי! — האָט ר' משה יעקב גערופען, — אנו גיט זייט מוחל אַ קוק אהער וועט איהר עפּעס זעהן.

דער רב האָט זיך אריבער געבויגען איבער דער גמרא, אנ־גערוקט די ברילען אויף דער נאָז און אריין געקוקט.

— נו רבי איהר זעהט? — האָט ר' משה יעקב געפרעגט.

— יא, יא, איך זעה, איך זעה, עס איז כשר!

— כשר! כשר! — איז געוואָרען אַ געשריי פון אַלע זייטען. מיט אַ געטימעל, פון מויל צו מויל איז געגאַנגען דאָס וואָרט כשר. לייביש קצב איז אַזוי געוועזן גערירט, אַז ער האָט געכאַפּט די האַנט פון יונגען שוהט און געדריקט מיט זיין גאַנצער קראַפט און אויסגערופען.

— ר' פייוועלע, איהר האָט מיין לעבען געראַטעוועט! שוין דאָס צווייטע מאָל! פון היינט אָן זייט איהר מיין שוחט אפילו די וועלט זאָל זיך איבערקערען!

— אַ גוטער , ליבער מענש, — האָבען אַלע גערעדט, הערענדיג פון לייביש קצב ווי ער האָט אים אַזאַ טובה געטאָן.

דער רב און דער שוחט ר' לייבעלע האָבען דאמאלס געזעהן אַז דער יונגער שוחט איז גאָר אַ גרויסער למדן מופלג אַז מען מעג עסען פון זיין שחיטה, און זיי האָבען געבעטען מחילה ביים יונגען תלמוד חכם.

אַלע האָבען געטרונקען לחיים, און אַזוי ארום איז געוואָרען שלום אין שטעדטעל.

דאמאלס האָבען אַלע אנגעזעהן אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ גרויסען אומרעכט געגען ר' משה יעקב און געגען יונגען שוחט. מען איז געוואָר געוואָרען פון דער טובה וואָס ער האָט געטאָן צום

קצב כאָטש ער איז ניט געווען זיין קצב, און פון נאך פיעל מעשים טובים וואס דער יונגער שוחט טוט. דאמאלס אָבער אז די שטאָדט איז שוין געווען אָפען פאר ר׳ פייוועלע שוחט, אלע זיינען געווען ווילינ צו עסען פון זיין שחיטה, האָט זיך גאָר ר׳ פייוועלע אָפּגעזאָגט מעהר צו זיין אַ שוחט...

# דער קדיש

(בילד)

מר. און מרס. לעווין האָבען אַ בן יחיד'ל דזשעקעלע. פון דעם בן יחיד'ל האָבען טאַטע־מאַמע געוואָלט מאַכען אַ מענש, אַ גרויסען מענש. איבערהויפּט האָט די מאַמע געטרוימט אַז איהר דזשעקעלע וועט זיין אַ זשעני, אַז זיין נאָמען וועט זיך לאָזען הערען כאָטש איבער גאַנץ אַמעריקאַ, אַז ניט איבער דער גאַנצער וועלט.

דזשעקעלע האָט ניט שלעכט געלערענט אין סקוהל, און טאַטע־מאַמע האָבען געשעפּט נחת. די מאַמע וואָס איז געוועזען די רעדעל פיהרערין פון הויז, האָט זי אַמאָל געזאָגט צום מאַן.

—מען דאַרף לערנען דזשעקעלען עפּעס שפּילען אויף אַן אינסטרומענט. איך דענק אַז ער וועט האָבען טאַלאַנט פאַר מוזיק. היינטיגע צייטען באַלאַנגט מוזיק צו דער בילדונג, און מיר מוזען דאָס אים אויך לערנען.

— און איך דענק אַז פאַר אונזער קלאַס איז גאָר בעסער צו לערנען אַ קינד אַ מלאכה, צו פאַרזיכערען מיט אַ צוקונפט. איך דענק ער האָט צו מאַכען שטיבעלעך מיט טישעלעך און בענקלעך וואָס מען לערענט אין סקוהל. ער מאַכט עס זעהר גוט און מיט טאַלאַנט, ער וועט זיין אַ טייערער בעל מלאכה!

— ניט ביי דיין לעבען! וועט דזשעקעלע זיין אַ סטאָלאַר! — האָט מרס. לעווין אויסגערופען מיט כעס — אַ גרויסען נחת האָב איך פון דיר וואָס דו ביסט אַ בעל מלאכה! ניין, מיין זוהן וויל איך ניט ער זאָל דאַרפען שטעהן אין שאַפּ אַרבייטען צו גלייך מיט

זיין טאַטען. מיין זוהן מוז זיין אַ גרויסער מענש! איך הער ער האָט א גוטע שטימע, וועלען מיר אים לערנען זיין אַ זינגער.

— אַ טייערע זאַך אַ זינגער! — קוועטשט מר. לעווין מיט די פּלייצעס, — קנאַפּ זינגערס זיינען דאָ אין אמעריקא?

— נו וועט ער זיין אַ דאָקטאר, אַ לאָיער — האָט מרס. לעווין אויסגערופען — ער וועט געהן אין קאלעדזש, וועט שטודירען, איז וועט זיין וואויל דער מאַמען.

— דו פאַרגעסט אז קאלעדזש קאָסט אָפּ אַ שטיק גאָלד, און מיר קענען עס ניט אפּאָדערען! האָט מר. לעווין איהר געגעבען צו פאַרשטעהן.

— נו יא, דאָס זאָג איך דאָך, אָט ביסטו אַ צובראָכענער בעל מלאכה און קענסט איין קינד ניט לאָזען לערנען!

— נו איך בין טאַקע ניט קיין גוטער בעל מלאכה, היינט אַ גוטער בעל מלאכה איז בעסער ווי אַ שלעכטער דאקטאר.

— אָבער דערווייל איז ער נאך ניט ארויס פון סקוהל, וואס איז זיך צו קריגען? אפשר וועט ביז דעמאלט גאָט העלפען.

— איך האָב זיך פיינט צו בויען לופט־שלעסער — האָט מר. לעווין געזאָגט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ווידער געקומען צו רייד איבער דער זעלבער פראגע.

— הער אויס מיין מאַן, זאָלסט זיך ניט שפּארען, איך האָב באשלאָסען מיר זאָלען קויפען אַ פידעל פאַר דזשעקעלען און אריין נעמען אַ גוטען טיטשער, ער זאָל לערנען שפּילען ווייאָלין. איך האָב געפרעגט דאָס קינד און ער טאַנצט פאַר פרייד, ער וויל זיך לערנען שפּילען, אַלע זיינע פריינד, זאָגט ער, שפּילען ווייאָלין.

אזוי איז געבליבען: דזשעקעלע האָט אין אַ גוטער שעה אַנגעהויבען שפּילען וויאָלין. מען האָט אריין גענומען אַ גוטען טיטשער פאַר דריי דאלאר אַ לעסאָן. דער טיטשער איז טאַקע אַן אמת'ער מוזיק פּראָפּעסאָר, און מרס. לעווין האָט ניט געוואָלט קאַרגען, כאָטש זי האָט געקענט קריגען אַ טיטשער פאַר פיעל ביליגער.

שוין דריי יאהר אַז דזשעקעלע האָט געשפּילט פידעל. טאַטע־מאַמע האָבען געקליבען נחת. כאָטש עס איז אַ ביסעל שווערליך, ביי מר' לעווינ'ס ניט גרויסע פאַרדינסטען איז עס אַ גרויסער עקספּענס: לעסאָנס, ביכער און פּיסעס. און דאביי האָט דזשעקעלע ניט ארויסגעצייגט קיין גרויסע פעהיגקייטען און ניט געוואָלט פּרעקטיסען, ער האָט פאַרלאָרען דעם אַפּעטיט צום שפּילען, און אַז דזשעקעלע האָט געדאַרפט פּרעקטיסען האָט די מוטער געמוזט באַצאהלען מיט ניקעלס און דיימס פאַר יעדען לעסאָן און ער פלעגט זיך דינגען מיט די מינוטען: זי האָט געוואָלט ער זאָל פּרעקטיסען דרייסיג מינוט און ער האָט ניט געוואָלט נאָר פופצען מינוט. דער מאַן האָט גענאָמען נקמה אין זיין ווייב זעהענדיג ווי זי קנעלט מיט'ן זוהנדעל און שטעהט אויף דער וואַך.

— אָבער קדיש זאָגען וועט ער דיר פיגעס! אָט פאַר דער קנעלונג — האָט ער איהר אמאָל פאָרגעוואָרפען — וואָלטסטו אים צוגענומען אַ מלמד כאָטש אויסלערנען עברי! ער איז שוין באַלד 12 יאהר, וועט באַלד בר מצוה ווערען. עס וועט זיין אַ שאנדע, אפילו ניט קענען די ברכה איבער דער תורה!

— אזוי פיעל ווי דו קענסט, וועט ער אויך קענען! — האָט מרס. לעווין זיך אָפּגערופען.

— טאַקע דערפאַר ווייל איך קען ניט, זעה איך ווי שלעכט עס איז. עס איז אַ שאנדע: מען קומט אמאָל אין שוהל, אלע דאַווענען, און דו זיצסט ווי אַ בהמה!

— ווער שיקט דיך דען אין שוהל? וואָס האָב איך פון דיין דאווגען?

— נו יא, ביי דיר איז רעכט. אין דער היים געווען א אידישע טאָכטער און דאָ איז זי מיר געוואָרען אָן אויפגעקלערטע!

— גלייכסט עס ניט? — האָט זי געפרעגט מיט כעס.

— אבי דו גלייכסט! — האָט ער געזאָגט מיט פארדרוס.

נאך א פּאָר מאנאט און דזשעקעלע דארף שוין בר מצוה ווערען. די מאמע פרעהט זיך און דערצעהלט פאר איהרע פריינד אז זיי מאכען א גרויסע פּארטי אין א האָל. זאָלען אַלע האָבען צו געדענקען דזשעקעלעס בר מצוה!

— האָסטו אין זין געהאט אז א באָי מוז קענען דאווגען אז ער ווערט בר מצוה? — האָט איהר דער מאן געפרעגט — מיינסטו אז די סעודה איז די גאנצע בר מצוה?

— נו וועלען מיר צו נעמען א מלמד וועט ער אים אויסלערנען!

— און דו מיינסט אז איינס און צוויי לערענט מען אויס דאווגען? ווען מען וואָלט צו גענומען א מלמד דעמאָלט ווען מען האָט צו גענומען א טיטשער פאר מוזיק, אפשר וואָלט ער שוין היינט געקענט אביסעל עברי, און אזוי וועט נאָר זיין א שאנדע. בעסער מאך ניט קיין גרויסען רעש מיט דער בר מצוה, וועט מען אונז כאָטש ניט וויסען!

— אזוי וואָלטסטו געוואָלט! איין שטיקעל קינד, זאָל איך ניט מאכען קיין רעש? אָבער וואָס איז זיך דאָ צו שעמען, אין אמעריקא איז קיין נייעס צו מאכען א גרויסע בר מצוה און דערביי זאָל ער ניט קענען דאווגען, אבי ער זאָגט א שעהנעם ספּיטש, נארט מען אָפּ דעם עולם, איז גענוג! — האָט זי געלאכט.

— אָבער אידענע, וועסט דאָך אמאָל שטאַרבען און ער וועט דאַרפען זאָגען קדיש! — האָט ער אויסגערופען אויפגערעגט.

— נו זאָל איך זיך שוין זאָרגען? אדערוויייל האַלט איך ניט ביים שטאַרבען.

נו האָט שוין דזשעקעלע א מלמד און מען קנעלט שוין דעם ספּיטש מיט די ברכות צו דער בר מצוה, און אויך עברי לערענט ער שוין אין א גוטער שעה. איז אָבער דאָס אידישע וואָרט פרעמד פאַר דזשעקעלען און עס קריכט ניט אין קאָפּ אריין. דער מלמד שטרענגט זיך אָן אריין צו קלאַפּען די אידישע ווערטער וואָרט פאַר וואָרט שרייבט ער אים אויף אויפ'ן פּאַפּיר די ברכות מיט ענגלישע בוכשטאַבען, אָבער דזשעקעלען איז שווער צו גע־דענקען. דער ערליכער מלמד, אַן ערליכער איד, האָט צער: א אידיש קינד, זאָל קיין אידיש וואָרט ניט קענען! האָט די מוטער געזאָגט.

— ווייסט איהר וואָס רבי, לערענט אים אויס אַן ענגלישען ספּיטש, וועט אויך זיין גוט. די ענגלישע ספּיטשעס זיינען צונד זעהר סטייליש. עס קוקט נאָך מעהר אויס אמעריקאַניזירט. אָבער פאַר היינט איז גענוג, ער מוז געהן פּרעקטיסען, ווייל דער טיטשער וועט באַלד קומען און ער וועט ניט קענען דעם לעסאָן. איך צאָהל אוועק דריי דאָלאַר פאַר א לעסאָן איז א שאָד אַז ער וועט ניט קענען, און מיט דעם האָט ער נאָך צייט!

דער מלמד האָט זיך אָפּגעזיפצט, באַדויערענדיג ווי דאָס אידישקייט איז אַזוי ביליג.

אַזוי האָט זיך דזשעקעלע אויסגעלערענט כל התורה כולה אויף איין זייט...

אוועק איז א פּאָר יאהר. דזשעקעלע איז שוין א גרויסער באָי, אָבער לערענט נאָך אַלץ פידעל שפּילען. דער טאַטע האַלט

אים אויס, אָבער מען זעהט קיין אויסזיכט אַז דזשעקעלע זאָל אמאָל קענען אַ לעבען מאַכען פון זיין שפּילען. דער פאָטער ערגערט זיך. ער האָט געזאָגט אַז עס איז שוין צייט צו זוכען ארויס צו העלפען, זאָל ער ניט זיין גענארט, זיך אויסלערנען אַ פאַך און זיין אַ מענש מיט לייטען, אָבער די מוטער האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט צוגעבען.

— דו וועסט זעהן, ער וועט נאָך זיין אַ גרויסער מוזיקער! האָט זי געשריען.

פּלוצים איז די געטרייע מוטער קראַנק געוואָרען, זעהר קראַנק. און זי שוועבט צווישען לעבען און טויט. אט איז עס אפילו צו פריה געקומען, אָבער די צייט פרעגט ניט, און ווען דער טויט קלייבט אויס פאַר זיין קרבן, ער פרעגט ניט צו איז עס צו פריה, צו דער מענש האָט זיך שוין פאַרטיג געמאַכט אין וועג אריין.... זי פיהלט עס, און פאַרשטייט אַז עס קומט צו ענדע, און זי דער מאנט זיך אַז איהר איינציגער זוהן, איהר קדיש, קען אפילו קיין קדיש זאָגען; און זי דער מאנט זיך ווי ערליך איהרע ברידער האָבען אָפּגעהיט דעם קדיש זאָגען נאָך זייערע עלטערען, און עס האָט איהר פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

די מאַמע איז געשטאָרבען. דער אָרימער דזשעקעלע איז געוועזען פאַרביטערט, די געטרייע מאַמע האָט אים איבערגעלאָזען אַ האַלבען מענש, ער האָט זי נאָך באַדאַרפט האָבען. דער טאַטע וועט אודאי חתונה האָבען, ער איז נאָך אין די בעסטע יאהרען, און ער קען זיך אפילו נאָך ניט פאַרדינען אויף זיין באַדערפעניש. וואָס וועט פון אים צונד ווערען? דער טאַטע איז פון אים ניט צופרידען, וואָס וועט ער טאָן? ער איז געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט מיט'ן גרעסטען צער און ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. עפּעס ווי אין אַ שווארצען חלום, אין אַ געדיכטען טומאן האָט זיין נשמה ארום גענומען, אפילו וויינען האָט ער ניט געקענט.

— נו, נו, קדיש! קדיש! — האָט מען געשריען פון אַלע זייטען. ער האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן און ווי פון אַ שווערען שלאָף ערוואכט און דערזעהן די שרעקליכע ווירקליכקייט. ער האָט געהערט וואָס מען פאָדערט פון איהם. עס איז איהם געוועזן אַ גרויסע שאַנדע. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט און אַ וועהטאָג האָט זיין הארץ ארום גענומען מיט אַ שאַנדע צוזאַמען.

— זיין ליבע מוטער, און ער קען אפילו קיין קדיש ניט זאָגען!....

מען האָט ווי עס איז אָפּגעזאָגט דעם קדיש.

קומענדיג אהיים פאַרביטערט און פאַרשעמט, האָט ער געכאַפּט דאָס פידעלע און זיך אוועק געשטעלט שפּילען דעם טרויעריגען ניגון פון קדיש זאָגען און פון דעם „אל מלא רחמים.“

פול מיט דעם גאַנצען וועהטאָג וואָס ער האָט געפיהלט אויף דעם גרויסען פאַרלוסט פון זיין געליבטער מאַמע, האָבען די סטרונעס געזיפצט און געקרעכצט, געוויינט, אויסגעגאָסען דעם גאַנצען ביטערען שמערץ און שאַנד וואָס ער קען ניט קיין קדיש זאָגען. און דאָס פידעל האָט גערעדט, געקלאָגט, צובראָכען די הערצער פון די צוהערער וועלכע זיינען געבליבען שטעהן ביי די פענסטער פון סטופּ. זיי האָבען אַלע געגאָסען טרערען, געוויינט געקלאָגט צוגלייך מיט דעם אומגליקליכען, פאַרשעמטען יתום.

# איבער אַ ירושה

— איך וויל אים מעהר דאָ ניט זעהן אין מיין הויז! — האָט פּאָלי'ס מוטער געשריען צו פּאָלי'ן, אז איהר געליבטער סאל זעמאן, איהר קאָזין, זאָל מעהר ניט קומען.

פּאָלי'ס מוטער און סאל'ס מוטער זיינען געווען לייבליכע שוועסטער. זיי זיינען געקומען פון אַ פּוילישׁ שטעדטעל.

— איך האָס אים, צוגלייך מיט זיין מאַמען! זאָל ער מעהר מיין שוועל ניט אריבער טרעטען, איך וועל אים ארונטער וואַרפען פון אַלע שטיגען! — האָט זי געלאַרימט.

— אָבער מאַמע! — האָט פּאָלי מיט טרערען אין איהרע שעהנע אויגען געבעטען — וואָס האָסטו צו סאל, וואָס איז סאָל שולדיג אז דו ביסט בייז אויף זיין מאַמע? די טאַנטע פריידע פרעגט מיך אַלע מאָל אויף דיר, וואָס דו טוסט.

— מוחל איהר גוטסקייט, זאָל זי אויף מיר ניט פרעגען. און ווער שיקט דיך אהין? איך האָב דאָך דיר שוין טויזענד מאָל געזאָגט: — פּאָלי, געה ניט צו דיין טאַנטע, און געה ניט מיט איהר תכשיט סאל!

— איך וויל ניט, איך וויל ניט זאָלסט געהן מיט אים! קאָרג באָיעס זיינען דאָ אין אמעריקא?

— וואָס האָסטו זיך עפּעס צו געטשעפּעט צו סאל? — האָט די מוטער געפרעגט מיט כעס.

— ווייל.... ווייל איך וויל געהן מיט אים — האָט פּאָלי

געענטפערט מיט פארדרוס — ער איז מיין קאזין און איך וויל מיט איהם געהן.

— און איך וויל ניט! איך האס זיין מאמען. איך האב זי אויסגעמעקט פאר א שוועסטער, און ער איז ניט דיין קאזין. איך האב זי אויסגעמעקט פאר א שוועסטער נאך אין דער היים אין יוראפ. דאמאלס ווען זי האט מיר אזוי וועה געטאן. די גאנצע ירושה, דאס גאנצע פארמעגען מיט'ן הויז צוגענומען, דערפאר ווייל זי האט געקענט חנפה'נען, זי האט מיינע נארישע עלטערן אפגע'חנפה'ט, זיי צוגעזאגט צו האלטען, זיי צו העלפען אויף דער עלטער. זיי האבען איהר געגלויבט און דאס גאנצע פארמעגען האט זי צו געראבט.

— אה, איך וועל עס ניט פארגעסען אפילו ווען מען וועט מיר לייגען שערבלעך אויף מיינע אויגען!

— איי מאמע, זיי ניט אזוי! זי איז ניט שולדיג. האסטו געדארפט דעם זיידען מיט דער באבען נעמען צו זיך און זיי אויסהאלטען מיט כבוד אזוי ווי זי האט געטאן...

— דו האלסט שוין מיט זיי? גוט, גוט! אבער איך קען זיי בעסער פון דיר. זיי חנפה'נען דיך, זיי קענען עס. יא, זי, מיין שוועסטערל, האט א גלאט צינגעל.

— וואס האט זי מיך צו חנפה'נען? עפעס רעדסטו ווי א קינד! וואס זוכט זי ביי מיר, די גרויסע פארמעגענס וואס דו וועסט מיר געבען?

— וואו זאל איך נעמען פארמעגען, אז זיי האבען עס אפ־געראבט?

— איך זעה ביי זיי קיין רייכטום, וואס דו זאגסט זיי האבען אפגעראבט.

— זיי האָבען עס שוין פאַרשווענדעט, פאַרטאַכלעוועט!

— איך זעה ניט זיי זאָלען אזוי ברייט לעבען אָדער הוליען! דאָרט ווערט געפיהרט אַ בעל בתיש הויז גלייך ווי ביי אונז.

— איי וואָס ווייסטו, זיי זיינען אָנגעשטאָפּט מיט געלט! זאָל איהר גאָט צאהלען פאר מיין קריוודע! — האָט פּאָלי׳ס מוטער אַרויס געערדט מיט צוזאמען געדריקטע פויסטען.

— וואָס געהט מיך אָן ווי זיי זיינען, סאל איז אַ גוט באָי, און איך גלייך אים. — האָט פּאָלי ענטשלאָסען געזאָגט.

— וואָס הייסט דו גלייכסט אים? און אַז איך וועל זאָגען דו זאָלסט אים ניט גלייכען, דו טאָרסט אים ניט גלייכען! ער איז דער זוהן פון מיין שונא, און מיין איינציגע טאָכטער קען נעמען אַ חתן ער זאָל מיר זיין צום הארץ.

— דיר וועט ער זיין צום האַרץ, ווער ווייסט צו וועט ער זיין צו מיין הארץ? צווייטענס איז דאָס אַ פּוסטע איינרעדעניש, זיי זיינען דיר קיין שונאים ניט. זיי זיינען דיר נאך בעסערע פריינד ווי פרעמדע.

— אַ ליגען, אַ ליגען! מיין שוועסטערעל וואָלט געוואָלט מיין בלוט זעהן. איך וועל עס קיינמאָל פאַרגעסען אַז איך בין צו איהר געקומען, געפאָדערט מיין חלק ירושה, האָט זי זיך פון מיר אויסגעלאַכט און געפרעגט.

— ירושה ווילסטו? געה צום טאטען אויף יענער וועלט און פאָדער ביי אים פארוואָס האָט ער דיר ניט איבערגעלאָזט.

— איז דאָך אודאי ניט געבליבען קיין ירושה — האָט פּאָלי פאַרענטפערט — אַז ניט וואָלט די טאַנטע אזוי ניט געערדט. זי שווערט זיך אַלע מאָל אַז דער זיידע האָט גאָרניט איבערגעלאָזען.

— ניט איבערגעלאזט זאגט זי? די ליגנערין! דער טאטע עליו השלום האט געהאט א „מנה יפה“, נאר זי האט אלעס דערטאפט און פארנומען, זאל זי זיך דערוואַרגען דערמיט!

— איי מאמע שעלט ניט, איך קען ניט הערען.

— קוק, קוק, ווי געטריי זי איז איהר! אודאי זי האט דאך ליב דעם זוהנדעל איהרען. אבער ווארט, וועסט זעהן וואס דאס וועט זיך נאך טאן! איך וועל מעהר ניט ליידען אז דו זאלסט זיך ארום שלעפען מיט איהר קריש! הערסט?! דאס זאג איך דיר צום לעצטען מאל!

— מאמע, דאס איז וויינינג וואס דו זאגסט מיר. דו קענסט ניט באפעלען מיין הארץ ארויס צו רייסען דעם, וועמען איך האב ליב...

— און איך וויל ניט וויסען. איך וועל דיך ליבער זעהן א טויטע איידער מיט סאל פאראייניגט! — האט די מוטער געשריען.

אויף דעם איז סאל אנגעקומען און געהערט די לעצטע ווערטער. ער איז געווען בלאס, זיין פנים האט געצוקט פאר אויפרעגונג. ער איז געבליבען שטעהן ביי דער טיר און ניט געוואגט ווייטער צו געהן. ער האט נאר א נויג געטאן דעם קאפ צו פאלי'ן אלס באגריסונג.

— אט האסטו דאך אים! — האט פאלי'ס מוטער אויס־גערופען — ווער האט נאך דיר געשיקט? קענסט געהן דיין וועג! לאז אפ מיין פאלי, זי איז ניט פאר דיר און ניט פאר דיין מאמע, געה זוך דיין גלייכען ווי דו מיט דיין מאמע! איהר זייט ליגנערס, באטריגער! — זי האט נאך ווייטער געוואלט שליידערען באַ־שולדיגונגען און באליידיגונגען, נאר פאלי איז צו געלאפען, ארום גענומען דער מוטער און מיט טרערען אין די אויגען האט זי

געבעטען ביי דער מוטער זי זאָל זיך בארוהיגען, סאלי האָט ניט צו טאָן מיט דעם עסק פון ירושה אנגעלעגענהייט.

— וואָס זיינען מיר שולדיג וואָס איהר האָט צו טאָן איבער א ירושה? מיר האָבען זיך ליב און מיר האָבען באשלאָסען ביי אייך צו בעטען אייער צושטימונג.

האָ? וואָס הער איך?! אזוי ווייט האלט דאָס שוין מיט אייך?

— יא מאמע! — און זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט מיט געבעט און פון די אויגען האָבען גערונען טרערען.

— א ניין! דאָס ניט, פרעדעלעס זונדעל וועט ניט זיין מיין איידעם!

— וועלען מיר זיין געצוואונגען צו געהן געגען דיין ווילען.

— איז פאָלי ארויס מיט א ביסעל חוצפה.

— האָ? וואָס האָסטו געזאָגט? געגען מיין ווילען? א, ניין! איך וועל דיך בעסער זעהן א טויטע איידער מיט מיין פריידע'ס זוהן! איך וועל דיר שוין צייגען ווער עס האָט צו שאפען! אדערהוייל ביסטו נאך אונטער מיין רשות, ביסט נאך ניט פול־יאהריג, און איך וועל אייךביידע ארעסטירען פאר זיך צו באגעהן עפעס געגען מיין ווילען!

— און דו, שוין ארויס פון מיין הויז! אז ניט וועסטו דיינע ביינער קלייבען פון די שטיגען! — האָט זי געשריען צו סאל.

סאל האָט זיך דערשראָקען פאר זיין בייזער טאנטע'ס דראהונג און זיך געכאפט אנטלויפען ארונטער די שטיגען. פאָלי איז אים נאך געלאָפען שרייענדיג.

— סאל! סאל! ווארט פאר מיר! איך געה מיט דיר! — די

מוטער האָט זיך געלאָזט לויפען זי כאַפּען אז זי זאָל בלייבען אין הויז, אָבער פּאָלי איז געווען פלינקער און זי איז אוועק מיט סאל צו זיינע עלטערען אין הויז. אין סאל'ס הויז איז קיינער ניט געווען. סאל האָט אויפגעשלאָסען די טיר אוןביידע געליבטע זיינען אריין, זיך אוועקגעזעצט און געבליבען זיצען ווי פאַר־שטיינערט אין פאַרצווייפלונג מיט ביטערע הערצער.

— וואָס איז צו טאָן? — האָט סאל געפרעגט ביי פּאָלי.

— גאָר ניט, וואָס קענען מיר טאָן?

— וואָס רעדסטו פּאָלי? — האָט סאל מיט שרעק געפרעגט. — רענקסטו אז מיר דארפען זיך שיידען?

— וואָס דען קענען מיר טאָן? — האָט פּאָלי מיט פאַר־צווייפלונג געענטפערט. — דו האָסט דאָך געהערט, זי איז איינגע'עקשנ'ט, מיט איהר איז גאָרנישט צו מאכען...

— דאָס קיינמאָל ניט! — האָט סאל אויסגעשריען.

—וואס דען פאר א מיטעל האָסטו? — האָט פּאָלי געפרעגט.

— איך וועל דיך עפּעס פרעגען: זאָג מיר פּאָלי, האָסטו מיך באמת ליב — האָט ער זי געפרעגט און איהר נעקוקט גלייך אין די אויגען.

— וואס פאר א פראַגע איז דאָס סאל? — האָט זי מיט פאַרוואורף אויסגערופען — צווייפעלסטו דען אין מיין ליבע צו דיר? אפילו שטארבען וואָלט איך אויך פאר דיר! מיין סאל!

— נו אויב אזוי, אויב דו האָסט מיך באמת ליב, דארפען מיר זיך קיינמאָל ניט שיידען! — האָט ער אויסגעשריען און זי ארום גענומען, און ביידע יונגע געליבטע האָבען זיך צו וויינט.

— וואָס דענקסטו קענען מיר טאָן? — האָט זי געפרעגט מיט טרערען־פולע אויגען און מיט צער געקוקט צו איהר געליבטען.

— מיר וועלען זיך ניט שיידען, ביסט צופרידען?

— יא צופרידען. אָבער מיט וואָס פאַר א וועג? ווען מיר זאָלען ערגעץ אוועק, וועט מען אונז אויפזוכען און אַרעסטען.

— ניין, ניט דאָס מיין איך.

— וואָס דען מיינסטו? זאָג שוין גיכער!

— האָסט געלעזען ראָמעאָ און דזשוליעט?

— יא, נו וואס מיינסטו דערמיט צו זאָגען?

— קענסט זייער געשיכטע? ווי טריי זיי האָבען זיך געליבט!

— א דאָס איז געווען א זעלטענע פּאָר!

— נו דענקסטו אז אויך מיר קענען ניט זיין אזא זעלטענע פּאָר?.... — האָט ער זי שטיל געפרעגט. — יא, זייערע עלטערען האָבען זיי אויך געשטערט אין זייער ליבע ווי מען שטערט אונז.

פּאָלי האָט זיך צוגעטוליעט צו זיין ברוסט און א קאַלטער פראָסט איז דורך איהר יונגען קערפּער.

— עס איז דיר קאַלט, געליבטע מיינע?

— ניין, ניט קאַלט, איך ציטער גלאַט אזוי....

— געפעלט דיר מיין פּלאַן?...

— ווי דו ווילסט...

— ניין ווייסטו וואָס? דו געה אהיים צו דיין מאַמען. איך האָב איבער דיין לעבען ניט צו שאפען... אבער איך קען אָהן דיר בלויז ניט לעבען, צו וואָס־זשע?

— ניין סאל, איך געה ניט, איך בלייב דא מיט דיר — האט זי ענטשלאסען געזאגט.

— מיט מיר ביז צו מיין לעצטען מינוט? ניין דו דארפסט ניט בלייבען.

— איך וויל זיך מיט דיר ניט שיידען. לאמיר ענדיגען צוזאמען.

— ווירקליך פאלי? ביסט צופרידען מיט מיין באשלוס?

— יא געליבטער — האט זי ציטערענדיג געענטפערט.

— אה טייערע מיינע! דו ביסט דאך אזוי יונג, און אזא שעהנע, זיסע בלום! איך האב ניט דאס הארץ.

— און דו ביסט דאך נאך שעהנער, און דו קענסט זיין א נוצליכער מענש פאר דער וועלט.

— וואס פאר א ווערטה האט די וועלט פאר מיר אהן דיר, מיין טייערע פאלי!

— דו ביסט גערעכט.

— ביסטו צופרידען?

— יא, צופרידען...

די יונגע געליבטע האבען זיך פעסט ארום גענומען, און פיהלענדיג זייערע הערצער שלאגען, האבען זיי פארמאכט די אויגען פאר א פאר סעקונדען.

— נו גיב מיר נאך דעם לעצטען קוש, זיסע מיידעל מיינע — אוןביידענס ליפען האבען זיך באגעגענט. אבער די ליפען זיינען ביי זיי געוועזען קאלט און אפגעשטארבען, און אלעס ארום זיי איז געוועזען שווארץ און אפגעשטארבען. קיין איינציגע פיהלונג, קיין באגער צו לעבען האבען זיי אין דער מינוט געפיהלט. דער באשלוס איז ביי זיי געוועזען אזוי פעסט ווי א שטיינערנע מויער,

דאָס לעבען איז ביי זיי געוואָרען אויסגעלאָשען, אין גאַנצען אויס־נעלאָשען.

נעקסט דאָר האָט מען דערהערט צוויי קנאַל פון א רעוואָלווער שאָס...

עס איז געוואָרען א געלאַף, ביז מען האָט אויפגעריסען די טיר, איז דערווייל געוואָרען א גוואַלד און פּאָליציי זיינען אנגע־קומען.

אריין קומענדיג אין סאל'ס הויז האָט זיך פאָרגעשטעלט א זעלטען גרויזאמע בילד.

סאל און פּאָלי זיינען געזעסען אויף א לאָנדזש, ארום גענומען איינע אין דעם אנדערענס ארעמס און פון זייערע שלויפען האָט נערונען דינע שטראָמעלעך בלוט.

עס איז שנעל געקומען אן אמבולאַנס מיט א דאקטאר, אָבער עס איז שוין ניט נויטיג געווען, ווייל ביידע האָבען אויסגעהויכט זייערע יונגע נשמות באלד אויפ'ן אָרט — ער האָט גוט געציעלט...

איין גרויען פריהמאָרגען איז אין דער ענגער אידישער סטריט אויף מאנהעטען געווען פול געפּאקט מיט אן אויפגערעגטען עולם. מ'האָט זיך געשטופּט וואָס נעהענטער צו קומען צום הויז וואו דער גרויסער אומגליק האָט פּאסירט. ביים הויז איז געשטאַנען א טויטען־וואָגען מיט צוויי שווארצע ארון'ס, נאך פילע קערידזשעס, אויטאָמאָבילס זיינען אין א לענג געווען אויסגעשטעלט, אלע זיינען נעווען געווענד צו די פענסטער פון אן אויבערשעטן שטאָק וועלכע זיינען געווען פארהאנגען מיט דונקעלע ווינדאָו־שעידס.

דער עולם איז געווען אומגעדולדיג און אויפגערעגט און מיט ציייהן־קריצעניש אויף דעם שרעקליכען פאַל, וואס אן אייגענע מוטער האָט פאראורזאכט דורך א קאפּריז פון אן אלטען פארדרוס,

דורך אַ געקערצטע ירושה. שוין דרייסיג יאהר, און זי האָט עס ניט געקענט פאַרגעסען און פאַרגעבען, צו איהר אייגענער שוועסטער און אזוי ארום דורך דער אַלטער שנאה האָט די שרעקליכע קאטאסטראָפע פּאַסירט.

צוויי יונגע קינדער, יונגע בליהענדע בלומען, נאָר וואָס פון לעבענס־בוים אָפּגעריסען און צושטערט, מיט אַן אונזיכטבארער האנד צושטערט און פאַרניכטעט....

אָט דאָס האָבען אַלע געוואוסט, און געפיהלט אַ שרעקליכען האַס און צאָרען צו דער גרויזאמער מוטער, וועלכע איז יעצט געווען די אומגליקליכסטע אין דער גאַנצער וועלט.

אַלע וואָס זיינען דאָ געשטאַנען אונערוואַרטענדיג צו זעהן די גרויזאמע מוטער, האָבען געפיהלט דאָס אַז זיי וואָלטען זי דערזעהן, וואָלטען זיי זיך אויף איהר וואַרפען און זי צו רייסען אין שטיקער, זי לינטשען.... דערפאַר איז ארויסגערופען געוואָרען פיעל פּאָליציי צו באַוואַכען זי. אָבער ביי אידען לינטשט מען נים, כאָטש מען דריקט אויס דעם גרעסטען צאָרען אדער האַס און פאַראַכטונג צו אזאַ מין פּערזאָן. אויך דאָ איז געווען דער זעלבער פאַל...

די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגען שווער און לאַנגזאם, ווייל דער עולם איז געווען זעהר גרויס. פיעל אויס מיטלייד צו די יונגע אומגליקליכע פאַר דער צייט אומגעבראַכטע קינדער; אַנדערע אויס נייגעריגקייט צו זעהן ווי די מוטערס, אָדער די צוויי שוועסטער וועלען זיך באַנעמען ביי דעם קבר פון זייערע קינדערס לעצטען אפּשיד.

אין אַ פאַרמאַכטען קערידזש מיט פאַרהאַנגענע שויבען, זיינען פּאָלי'ס עלטערען געפאָהרען. קיינער האָט ניט געקענט זעהן ווי זיי קוקען אויס אין דער יעצטיגער מינוט, כאָטש מען האָט גע־

פּרואווט דורך דרינגען מיט זייערע בליקען, אָבער ערשט אויפ'ן הייליגען אָרט האָבען אַלע געהאַפּט וועלען זיי שוין זעהן.

קומענדיג אויפ'ן הייליגען פעלד, זיינען דאָרט שוין געשטאַנען אַ היפּשע צאהל פּאָליציי, אויך דאָרט צו באַשיצען און אָרדענונג צו האַלטען צווישען דעם גרויסען און ניינעריגען, אַנגעלאָפּענעם עולם.

ביידע ארון'ס האָט מען ארונטער געלאָזען אין צוויי באַזונדערע קברים, אָבער איין מצבה איז געשטעלט געוואָרען אום עס זאָל הייסען אַז מען האָט זיי ניט געשיידט ווי זייער וואונש איז געווען ביים לעבען.

אויפ'ן הייליגען אָרט האָבען ביידע שוועסטער זיך געטראָפען אויג אויף אויג. ביידע זיינען געווען פון איין שמערץ ארום גענומען. ביידע האָבען געפיהלט אַז זייער אייגענע שולד איז עס וואָס זיי האָבען פאַרלאָרען די יונגע בליהענדע בלומען פאַר דער צייט, און אַנשטאַט פון זיי אַ ליבען בנין צו בויען, אַ נאַכקונפט, אַ דור, און צוזאַמען פון זיי נחת האָבען, האָבען זיי דורך זייער עקשנות'דיגען האַס, דורך אַ פאַרשאָלטענע ירושה, די יונגע קינדער מיט זייערע אייגענע הענט אומגעבראַכט...

אָט דאָס האָבען ביידע אומגליקליכע מוטערס געפיהלט און זיך געפיהלט שולדיג איינע געגען דער אַנדערער און שטעהענדיג נעבען ביידע קברים זיינען ביידע שוועסטער אומבאַוואוסט גע־פאַלען איינע דער אַנדערער אויפ'ן האַלז און ביידע האָבען זיך ערשט ביטער צו וויינט ביי זייערע קינדערס קברים.

און דאָ האָבען זייערע קינדערס ליבע און די ענדע פון זייער יונג לעבען געמאַכט שלום צווישען ביידע פאַרהאַסטע שוועסטער.

# מרים שלאָסבערג

## ערשטע קאַפּיטעל

— די מיידעל, טאָכטער מיינע, זאָלסטו מיר גוט באהאנדלען! זאָל זי דיר זיין א פריינדין אָדער א שוועסטער. איהר נאמען איז מאריאנא. זי איז דעם אַלטען פערשטער'ס טאָכטער. ער איז מיין בעסטער פריינד. זיין פרוי איז געשטאָרבען און זיין איינציגע טאָכטער האָט ער געהאַלטען ביז צונד אין א קלויסטער, ווייל ער אליין האָט זיך מיט איהר ניט געקענט אָפּגעבען. און יעצט איז זי אהיים געקומען. איז אָבער זיין הויז גאָר קיין הויז נים! אַלעס צובראָכען און רואינירט! האָט ער מיך געבעטען, אַז ביז ער וועט זיין הויז אביסעל צו רעכט מאַכען, זאָל זי זיין ביי אונז. נישט־קשה, זי וועט דיר העלפען אין הויז.

— א יא, מאריאנא? — האָט ער זיך געווענדעט מיט א פראַגע צו דער מיידעל וועלכע ער האָט יעצט געבראַכט.

אַט אזוי האָט פעטרא קולאַק פאָרגעשטעלט זי פאַר זיין טאָכטער סטאשקא.

סטאַשקא איז געווען א קלוגע, געזונטע שיקסע, אָבער ניט איבריג שעהן. סטאשקא האָט באטראַכט איהר נייע פריינדין און זי איז איהר געפעלען געוואָרען. אפילו אביסעל צו שעהן, און איידעל, פּריציש געקליידעט, דערפאַר איז זי דאָך עפּעס דעם פערשטער'ס טאָכטער, און איז ערצויגען געוואָרען אין א קלויסטער. זי מוז זיין „פּיסמענע" שרייבקונדיג, מוז מען זי רעספּעקטירען — האָט זי ביי זיך געגעבען א טראַכט, און דאָס איז איהר שוין גאָר ניט געפעלען.

— נו סטאשקא, וואס קלערסטו אזוי לאַנג? נעם מאריאַנען און גיב איהר דיינס אַ קליידעל מיט אַ טיכעל, ווייל אַ פּאַניע וועט זי דאָ ניט זיין, און ביי פּראָסטע ארבייט קאָן זי אין די פּריצישע קליידלעך ניט געהן.

— גוט, גוט פּאַטערעל, איך וועל שוין פּארזאָרגען. — האָט סטאשקא פריינדליך געענטפערט.

— איך ווייס דו ביסט אַ קלוגע, גוטע מיידעל מיין סטאשקא. איך האָב שוין דיין פריינדין געזאָגט.

צופרידען האָט סטאשקא געשמייכעלט פון פּאַטער׳ס לויב און גענומען מאריאַנען פאר׳ן האנד זי אריין געפיהרט אין הויז אריין.

מאריאַנא האָט זיך ארומגעקוקט. דאָס הויז מיט דער איינ־ריכטונג איז פאר איהר געווען ניי. זי איז קיינמאָל ניט געווען אין אַ דאָרף ביי די פּראָסטע פּויערים. דאס פּראָסטע פּויערשע לעבען איז פאר איהר געווען פרעמד.

די הויז איז געווען גרויס און פיער־עקיג, מיט צוויי קליינע פענסטערלעך אקעגען דער זון. די ווענט ווייס, די פּאדלאגע אָהן ברעטער נאָר פון ערד אנגעשלאָגען נאָר גלייך און גלאַט. אין אַלגעמיין איז אַלעס געווען ריין און ציכטיג, עס האָט זיך געפיהלט דאָס בריה׳שקייט פון דער ווירטין.

— צו ערשט וועט זי עפּעס עסען, זי מוז זיין אוראי הונגעריג, — האָט סטאשקא געזאָגט מיט אַ גוט־מוטיגען שמייכעל, דאַן וועלען מיר זעהן ווי איהר וועט פּאסען צו זיין אַ פּראָסטע דאָרפס מיידעל.

— איך דאנק דיר פריינדין סטאשקא פאר דיין פריינדשאפט. — האָט זיך מאריאַנא אָנגערופען און אנגענומען די רויטע, גראָבע האנט פון דער דאָרפס מיידעל. סטאשקא איז געווען געשמייכעלט

און זיך געוויטעלט. דאן האט זי דערלאנגט צום טיש עסען, פון דעם גאנץ פראסטען סארט עסען ווי ביי די פויערים אין דארף, נאר אלעס ריין און שעהן.

— דיין עסען, סטאשקא, איז אויסגעצייכענט! — האט מאריאנא געלויבט. — דו ביסט א גוטע באלעבאסטע! — סטאשקא איז געווען אין הימעל פון די לויב ווערטער פון דער פריצישער מיידעל.

נאכ'ן עסען האט זי סטאשקא אוועק געזעצט אין מיטען שטוב אויף א קליין בענקעלע, איהר צולאזט די האר. האט זיך סטאשקא ניט געקענט איינהאלטען פון פארוואונדערונג און אויסגערופען.

— וואס פאר שעהנע האר דו האסט מאריאנא! — דאן האט זי איהר פארפלאכטען אין איין צאפ מיט א רויטע סטענגע ביים ענד ווי די שיקסעס טראגען דארט. דאס האט נאך די האר לאנגער געמאכט אויסזעהן. דאן האט זי איהר אנגעטאן א פראסטע האלבע קליידעל מיט א פראסטע העמד מיט לאנגע ארבעל שטייף ביים קנעכעל ארום גענומען, אויסגענעהט מיט רויטען פאדעם, אן אויסגעלייגטען קאלנער ביים האלז. דער קאלנער איז געווען אויך אויסגענעהט מיט רויטע בלומען. ארום האלז האט זי איהר אנגעטאן א פאר שנירלעך רויטע, גלעזערנע קרעלען, א רויט טיכעל מיט בלומען אויפ'ן קאפ — א פארטיגע דארפס מיידעל!

— נו יעצט קאליזשענקא נא קוק זיך אן אין שפיגעל צו דו וועסט זיך דערקענען? אפילו דיין פאטערעל וועט דיך ניט דער־קענען. דערפאר האב איך מורא אז אלע פאראבקעס פון דארף וועלען דיר נאך לויפען.

— דאס גראדע זוך איך ניט. איך האב פיינט די מענער. — האט מאריאנא געענטפערט.

— אבער ווען דו זעהסט יאשקע דעם וואוט'ס וואלסטו דאס

ניט געזאָגט — האָט סטאשקא געזאָגט. — ער איז אזוי שעהן און רייך ווי דיאבעל (רוח).

— ניט מיך קען אימיצער איבעראַשען, סטאשקא, איבערהויפּט פון דיין דאָרף. איך וועל באלד געהן צוריק אין מיין דאָרף אריין צו מיין פאָטער.

— נו זעה שוין, ווי געפעלט דיר ווי איך האָב דיך פארשטעלט?

מאריאנא האָט זיך אנגעקוקט אין שפּיגעלע און געוועזן צופרידען מיט דער ענדערונג.

— א דאנק דיר קאַליזשאנקא סטאשקא, דו ביסט טאקע א גוטע מיידעל ווי דיין טאטע האָט מיר געזאָגט, איך וועל עס דיר וויסען ווי אָפּצודינען.

שוין א פּאָר וואָכען אז מאריאַנא איז געוועזן ביי פּעטרא קולאַק אין הויז. זי האָט זיך צו געוואוינט צום דאָרפיש לעבען, מיט די פּראָסטע, גראָבע עסענס און די גראָבע ארבייט. סטאשקא האָט איהר ניט געלאָזט ארבייטען, נאָר מאריאנא האָט ניט געוואָלט ארום געהן ליידיג, האָט זי געטאָן וואָס זי האָט געקענט. סטאשקא איז צו פרידען געוועזן מיט איהר הילף וויפיעל זי האָט איהר געהאָלפען.

סטאשקא האָט ניט געהאַט קיין מוטער, נאָר א קליין שוועסטערעל פון א יאהר צעהן וועלכע האָט געפּאַשעט די בהמות וועלכע זיינען נאך איבער געבליבען פון נאך דער מלחמה, אזוי האָט איהר די קליינע ניט געקענט העלפען, איז זי צופרידען געוועזן ווי פיעל מאריאנא האָט איהר צו געהאָלפען. נאָר דאָ האָט סטאשקא זיך געוואונדערט: זי האָט באמערקט אז מאריאנא האָט אָפט פארוויינטע אויגען, און אז זי האָט זי געפרעגט פאר וואָס זי וויינט, האָט זי איהר געענטפערט אז זי בענקט נאכ'ן קלויסטער.

סטאשקא האָט איהר געגלויבט. אָבער זי האָט געדענקט, אפשר איז זי ניט צופרידען מיט דער באהאנדלונג? זי האָט. אָבער באַמערקט אַז דער פאָטער פּאַרט אין שטאָדט אריין, רעדען זיי שטיל און באהיטזאם אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַט סודות. זי האָט באַמערקט אַז זי גיט מיט בריף און נאך דעם וויינט זי.

— דאָס מוז ניט זיין אומזיסט! — האָט סטאשקא צו זיך געזאָגט. זי איז נייגעריג געווען צו וויסען וואס זי שרייבט, צו וועמען זי שרייבט? זי מוז האָבען אַ געליבטען — האָט סטאשקא געשמייכעלט און איהר מקנא געווען שטילערהייד. נאך די רייד נאך וואָס זי האָט זיך אויסגעדריקט אַז זי זוכט ניט צו געפעלען איהרע דאָרפס פּאראבקעס, איז אַ סימן אַז זי האָט שוין עמיצען. און דאָס האָט זי איהר ניט פארגונען. דען זי, סטאשקא, איז שוין געווען ניט זעהר קיין יונגע מיידעל, אָבער ניט פיעלע האָבען זיך צו איהר גע'שדכנ'ט ווייל זי איז ניט געווען קיין שעהנע און קיין גרויס פּארמעגען איז אויך ניט געווען, און נאך דער מלחמה זיינען ניט פיעל יונגע־לייט געבליבען אַז זיי זאָלען אַזעלכע מיידלעך אויסכאַפּען. אַזוי איז זי געזעסען און געהאָפּט אויף איהר באַ־שערטען. דערפאַר האָט זי מקנא געווען מאַריאַנען דאס זי האָט שוין איינעם וואָס ליבט זי.

איינמאָל זיינען ביידע מיידלעך געווען אין גאָרטען, געפּלעוועט ליין, דאָס איז וואס מען מאַכט דערפון פלאַקס און דאַן מאַכט מען לייוועגט. אין דאָרף קויפען די גאספּאַדינעס קיין לייוועגט, זיי מאַכען זייער אייגענע לייוועגט פון פלאַקס. ליין וואַקסט שעהן ווי דינע גרינע זיידענע גראָז מיט קליינע בלויע בליהטען, מען מוז עס אָבער זעהר ריין האַלטען פון פּוסטע גראָזען. אַז מען זעהט אַ שעהנעם בייט ליין ווייסט מען די באַלעבאָסטע איז אַ ווירטהין. אַז מען רייניגט עס פון די פאַלשע גראָזען מוז מען פאָרזיכטיג זיין עס ניט צו ברעכען. זעצט מען זיך אויף קליינע בענקעלעך.

אזוי זייענעןביידע מיידלעך געזעסען אין א בייט ליין, טיף איבער דער העלפט אין די שעהנע גראָזען, און אז זיי האָבען זיך איינגעבויגען, האָט מען נאָר ארויס געזעהן די רויטע טיכלעך אויף די קעפּ, האָט עס אויסגעוויזען ווי רויטע רויזען אין די גרינע בייטען מיט די בלויע בליהטען אויפ'ן דינעם זיידענעם ליין, א גרין בלויער וואלד מיט בלומען.

— מזל און ברכה ! — האָט א מענער שטימע אויסגערופען.

— דאָס הייסט פלייסיג געארבייט!

— אה, דו יאשקא? מיט מזל זאָלסטו לעבען! וואס מאכסטו עפּעס? שוין לאַנג ניט געזעהן.

— אָט, מ'איז פּארנומען.

— וואו געהסטו דאָ ערגעץ? — ווייל יאשקע האָט געוואוינט אין אנדערען עק דאָרף.

— מען האָט מיר געזאָגט אז אייער שכן וואסיל וויל פּאר־קויפען זיינע פּערד.

— און וואָס איז מיט דיינע פערד?

— יענע זיינען בעסער. ווער איז די מיידעל?

— אי דאָס איז מיין קאליזשאנקא מאריאנא. זי איז געקומען מיר ארויס העלפען.

— איך האָב זי קיינמאָל ניט געזעהן.

— דו האָסט זי ניט געקענט זעהן.

— איז זי ניט פון אונזער דאָרף?

— ניין, זי איז דעם פערשטטער'ס טאָכטער פון אנדערען דאָרף.

— איך קען דעם פערשטטער גאנץ גוט, אָבער כ'האָב קיינמאָל ניט געוואוסט אז ער האָט אזא שעהנע מיידעל.

ביי מאריאנען האָבען זיך געביטען די קאָלירען אין פּנים און א ציטער האָט דורך גענומען איהר גאנצען קערפּער ווי אין א שרעק.

— ווייל זי איז ניט געווען אין דער היים. זי האָט זיך ערצויגען אין א קלויסטער. — האָט סטאשקא ווייטער דערצעהלט.

— אָבער וואָס זעהט מען דיך ניט? קום אביסעל צו אונז!

— איך וועל שוין קומען! — האָט יאשקא געענטפערט.

— זעהסט דאָס איז דער יאשקא דער וואוט'ס זוהן וואס איך האָב דיר געזאָגט. איז ער ניט א שעהנער פּאראבאק?

— ער איז א גאנץ שעהנער. — האָט מאריאנא געענטפערט.

— ער איז שעהן און קלוג און איז רייך. דער איינציגער זוהן ביים וואוט. זיי זיינען פריהער ניט געווען אזוי רייך, נאָר נאך דער מלחמה זיינען זיי דאָס געוואָרען. יאשקע האָט געבראכט א סך געלט פון מלחמה. ווער עס האָט שכל געהאט און געטויגט, האָט געוואוסט אויסצונוצען די צייט. דער יאשקא האָט געוואוסט ווי די געלט מאכען. מ'זאָגט, פון די זשידעס. זיי האָבען א סך געלט, זאָגט מען, די זשידעס, הא, הא, ווען איך האָב א ברודער, וואָלט ער אויך געבראכט געלט וואָלט איך אפשר געקענט חתונה האָבען, אזוי ווייס איך ניט. ס'איז שווער, זעהר שווער די צייטען.

מאריאנען האָט עס דורך גענומען מיט שרעק און עקעל פון סטאשקעס רייד.

סטאשקא האָט געוואוסט אז יאשקא וועט שוין צונד קומען. זי האָט באמערקט אז איהר קאליזשאנקא מאריאנא האָט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף אים. ער האָט זי גענעסען מיט זיינע פייערדיגע, ליידענשאפטליכע אויגען. זי האָט אָבער גערעכנט אז אזוי ווי מאריאנא, האָט שוין ערגעץ א געליבטען, קאָן זיך מאכען

אז זי, סטאשקא, זאָל אים נאך געפעלען, אויב ער וועט קומען א פּאָר מאָל אין הויז אריין און זעהן וואָס פאר א ווירטהין זי איז.

זונטאג איז יאשקא געקומען. די שטיוועלעך מיט שפּאָרען פון דער מלחמה. ער האָט זיי פיין אויסגעגלאַנצט, און דער קאָפּ שווארצע האָר האָבען געגלאַנצט; די שאַפּקע פּארוקט אין איין זייט ווי א פּאלסקע־בראט, די רויטע באקען רייך ראזירט. ער האָט באגריסט אויפ'ן מיליטערישען שטייגער ווי א סאלוט, אָנגערירט דאָס היטעל, ניט אראָפּנעמענדיג עס.

— גוט מאָרגען! וואָס מאַכט איהר פייגעלעך?

— אָט מיר ארבייטען ביי דער ווירטשאַפט — האָט סטאשקא בעזאָנדערס באַרירט די טעמע צו מאַכען אים אויפמערקזאם אז זי איז א באַלעבאָסטע. געווען איז זי אויסגעפּוצט אין א נייע קליידעל. די העמד טיף אויסגענעהט מיט בלומען; א ווייסע שירץ, און זי האָט זיך געדרעהט ווי א גומע באָל אום צו קריגען ער זאָל זעהן ווי זי איז באשעפטיגט שטענדיג מיט דער ווירטשאַפט.

— וואס מאַכט איהר מאריאנא ?— האָט ער געפרעגט אין א ביסעל פאַרלעגענהייט. דען עפּעס האָט די מיידעל אויף אים אנגעיאָגט א מורא. ער האָט זי געמוזט רעספּעקטירען, זי איז געווען אין א קלויסטער, זי מוז זיין פיסמענע, שרייבקונדיג, און דאָס זיינען קיינע פון זיין דאָרף, פאַר א פיסמענע האָט ער רעספּעקט.

מאריאנא האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען, מורא געהאַט צו קוקען אין זיין זייט.

— זייט איהר דען אזא שעמעדיגע? דאָס גלויב איך נים! איהר זייט שוין געווען אין דרויסען „דאָס מיינט צווישען מענשען.“ דער ער האָט געגארט זיך צו באקענען מיט מאריאנען.

— מיין פריינדין איז ניט קיין שעמעדיגע, נאר איך דענק עפעס אנדערש איז די אורזאך.

— וואס איז דאס אנדערש? — האט יאשקא געפרעגט.

— איך וויל ניט זאגען, אבער איך דענק מיין פריינדין, ווי עס זעהט אויס, בענקט נאך עמיצען... — זיי האבען ניט באמערקט ווי מאריאנא איז בלאס געווארען ביי דער באמערקונג. זי האט אוועק געדרעהט דעם קאפ און געקוקט אין פענסטער אריין.

סטאשקא האט אייגענס געזאגט, ער זאל ניט שענקען קיין אויפמערקזאמקייט מאריאנען.

— איז דאס אמת מאריאנא וואס סטאשקא זאגט? — און עפעס ווי א פארדרוס האט זיך ערוועקט אין יאשקא'ס הארץ.

— איך ווייס ניט צו עס איז אמת, אפשר. — האט מאריאנא אויסווייכענדיג געענטפערט כדי ניט צו געבען א געלעגענהייט זיך מעהר מיט איהר צו אינטערעסירען.

— איך זאג דיר ס'איז אמת. איך האב זי געזעהן א פאר מאל וויינען און וואס ווייגט דען א מיידעל, וואס האט זי צו וויינען? איך גלויב אז עס פעהלט איהר גארניט, נאר זי בענקט...

— אוי סטאשקא דו קענסט ניט אפשאצען וואו יענעם טוט וועה. — האט יאשקא זיך אליין געוואלט טרייסטען אז מאריאנא האט ניט קיין געליבטען.

פון זייט יענעם טאג איז יאשקא געווארען אן אפטער גאסט ביי פעטרא קולאק אין הויז. סטאשקא האט זיך געפוצט און וואס מעהר אים געשטעפט זיך אין די אויגען, און מאריאנא איז ארום געגאנגען ווי א צושראקענע פייגעלע און ניט געהאט קיין ארט וואו זיך צו באהאלטען. זי האט געזעהן אז יאשקא מיינט ניט סטאשקאן, זי האט געזעהן אז ער מיינט זי, מאריאנען. ער

פאַרפאָלגט זי מיט זיינע ברענענדע בליקען. זי האָט געפיהלט אַז עפּעס ניט גוטעס וועט דערפון אַרויסקומען... זי וואָלט אַוועק אַהיים, האָט זי געבעטען פעטרא קולאַק, איהר באַשיצער, ער זאָל זי אַהיים נעמען, האָט ער געענטפערט.

— ס'איז נאָך ניט צייט, נאָך אַ פּאָר טאָג, האָט מיך דיין טאַטע געבעטען, און דאַן וועט אַלעס גוט זיין. דאַרפסט זיך ניט שרעקען, אין דערהיים איז אַלדינג אין בעסטען אָרדענונג. איך קום צו דיין טאַטען צוויי און דריי מאָל אַ וואָך. איך ברייננ אים אַ גרוס פון דיר. ער איז צופרידען מיט דיר.

אַז סטאַשקא האָט זיך איבערצייגט אַז יאַשקא מיינט ניט איהר, האָט זיך אָנגעצונדען אַ פייער פון אייפערזוכט און איהר גוי'איש בלוט האָט זיך צו ברענט צו איהר פריינדין מאַריאַנא.

— זי איז אַ פאַלשע. — האָט סטאַשקא צו זיך גערעדט. — איך זעה ווי גערען זי רעדט מיט אים. אַ גאַנץ גוטער ברודער געוואָרען. ס'זעהט אויס ווי זי קוקט אַרויס אויף אים. נאָר וואַרט מיין קעצעלע, איך וועל דיר געבען אַזאַ ביס אַז דו וועסט מיר האָבען צו געדענקען! — געמיינט האָט סטאַשקא דאָס אַז זי וועט יאַשקאַן איבערצייגען דאָס מאַריאַנא האָט אַ געליבטען. זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט זי זאָל אַרויסנעמען די בריף וואָס מאַריאַנא שרייבט און איהר פאָטער פיהרט זיי אַוועק. זי מוז זעהן וואָס זי שרייבט, און צו וועמען זי שרייבט.

אדערוויל האָט יאַשקא גערעדט מיט פעטרא קולאַק ער זאָל זיין דער שדכן ביים פערשטער און פאַר אים בעטען די האַנט פון מאַריאַנא.

— ווי קענסטו דאָס ערוואַרטען? שלאָג עס דיר אַרויס פון קאָפּ! זי איז אַ פּאַנענקע, געקומען צו מיר אין אַ זיידען קליידעל. איהר טאַטע איז אַ פּריץ. דו נעם דיר אַ פּראָסטע דאָרפישע מיידעל, ווי מיין סטאַשקא איז, אַ באַלעבאָסטע, זאָל דיר פיהרען די ווירט־

שאפט. וואָס וועסטו טאָן מיט איהר? דיין מאַמע איז שוין אַלט, און וואָס ווייסט דאָס וואס פון ווירטשאַפט פיהרען? — האָט אים פעטרא קולאק געגעבען צו פאַרשטעהן און געקלעהרט: דאָ איז אַ פאַסקודנע מעשה, מ'דאַרף זי שוין אוועקפיהרען.

— איך קען האַלטען דינסטען, איך האָב גענוג געלט. אויב דו ווילסט ניט, וועל איך זיך אַליין ווענדען צום פערשטער.

— טוה ווי דו פאַרשטעהסט. איך בין דיר אַ גוטער פריינד און ווארען דיר.

— אָט האָסטו דיר! — האָט פעטרא קולאק געוואָרטשעט צו זיך. — שעהן אָפּגעהיט! פון פייער אין וואסער!.. וואָס וועט איהר טאַטע זאָגען? ער קען צוריק פאָדערען זיין געלט. אָה, מען מוז זיי לאָזען גלייך וויסען, זי טאָר דאָ מעהר ניט זיין.

— מאַריאַנאַ! — האָט יאשקא געזאָגט — איך וויל געהן צו דיין טאַטען בעטען דיין האַנט.

מאריאנא איז בלאס געוואָרען פאַר שרעק, דאָס הערענדיג.

— אה געה ניט יאשקא! איך ווארען דיר, געה ניט! מיין טאַטע איז אַן אויפגערעגטער שלאַכטשיץ, ער דענקט נאך ניט וועגען דעם, און איך וויל ניט ער זאָל דיך באַליידיגען.

זי האָט געדענקט אַז אויב יאשקא וועט געהן צום פערשטער, וועט ער באַלד געוואָר ווערען ווער זי איז, ווייל דער פערשטער וועט אים אָנקוקען ווי משוגע פון זיין פאָדערונג און עס וועט זיך באַלד ארויס צייגען דער אמת ווער זי איז...

— פאַרוואָס זאָל ער מיך באַליידיגען? איך גלויב דיין טאַטע וועט זיין צופרידען צו האָבען מיך פאַר אַן איידעם. דו מיינסט דיין טאַטע קאָן ניט מיין טאַטען? האָב קיין מורא טייערע מאַריאַנאַ, וועסט זעהן מיר וועלען גליקליך זיין! איך בין רייך, איך וועל

אויסבויען אַ נייע הויז פאַר אונז, דיר האַלטען דינסטען, דו וועסט ביי מיר זיין אַ פּאַניע. דיין טאַטע וועט זיך שעצען גליקליך. איך האָב דיך ליב, אַזוי ליב! ביז משוגעת! איך וועל אָהן דיר ניט קענען לעבען. איך וועל זיך אריין יאָגען אַ קויל אין קאָפּ אריין אויב איך וועל דיך ניט קענען קריגען. — ראַביי האָט ער זי ארום געכאַפּט מיט זיינע שטאַרקע ארימס זי צוגעדריקט צו זיין ברייטער ברוסט און זי ליידענשאַפטליך געקושט.

אדערווייל האט סטאשקא ניט געשוויגען, געשפּיאָנירט און געזעהן ווי זי האָט געוויינט פאַר איהר פאָטער, און דער פאָטער איז זעהר ערענסט געווען. זי האָט געזעהן ווי מאַריאַנא האָט געקראָגען אַ בריף פון פּעטרא קולאק פון טאַש.

— אודאי פון איהר געליבטען — האָט סטאַשקא געקלערט.
— ווי קריגט מען ארויס דעם בריף צו איבערצייגען דעם נאַרישען יאַשקאַן!

דעם אנדערען טאָג האָט זי שוין געהאַט מאַריאַנעס בריף, ארויס גע'גנב'ט ביי איהר. זי האָט זיך געפרעהט ווי מיט עפּעס אַ גרויס געווינס. עס האָט זיך איהר געדאַכט אַז יאשקא וועט זיך איבערצייגען דאס זי האָט אַ געליבטען, וועט ער איהר אודאי אָנשפּייען אין פּנים און זיך פאַראייניגען מיט איהר, מיט סטאשקאַן. אַ זיסען טעם האָט זי דערביי געפיהלט אַז זי האָט געטראַכט אַז זי וועט נאך קריגען דעם שעהנעם, געזונטען יאשקאַן, דעם שענסטען און רייכסטען פון דאָרף. ווי אַלע מיידלעך פון דאָרף וועט עס פאַרדיסען! — האָט זי פאַנטאַזירט.

— סטאשקא האָט גענומען איהר קליינע שוועסטער זאָל איהר איבערלייענען דעם בריף, ווייל די קליינע מאגדא איז אביסעל געגאַנגען אין שקאָלע אריין אין זייער דאָרף, האָט זי אביסעל געקענט לעזען. אָבער דעם בריף האָט די קליינע מאגדא גערדרעהט פון אַלע זייטען און ניט פאַרשטאַנען קיין וואָרט.

— דאס איז ניט קיין רוסיש, ניט קיין פוליש, דאס מוז זיין זשידאפסקי — האט זי געזאגט מיט א מינע פון א מבין. איך האב אמאל געזעהן אזא בריף מיט דער שריפט איז עס געווען זשידאפסקי.

— הא, זשידאפסקי זאגסטו? און צו וועמען איז דער אדרעס?

— איך ווייס ניט. דא שטעהט נאר אונטען „מאטקא שלאסבערג."

— מאטקא שלאסבערג? דאס איז דאך דער זשיד ביי וועמען אונזער מאמע איז געווען אן אם, און דער טאטע האנדעלט מיט אים אלע יאהר. אה! — האט סטאשקא אויסגערופען מיט פרייד און זיך א קלאפ געטאן אין שטערען מיט א האנט — צונד ווייס איך שוין, צונד ווייס איך ווער דאס פייגעלע איז! זי איז גאר ניט דעם פערשטער'ס טאכטער, דאס איז א פארשטעלטע זשידאפקא, וועלכע באהאלט זיך פון די פאגראמען אין איהר שטעדטעל וואס בושעוועט די צייטענס. יא איך האב געהערט, מען האט א סך זשידאפסקע מיידלעך פארפיהרט און אוועק געשלעפט... יעצט באהאלטען זיי זיך צווישען אונז! הא, הא, א גוטער איינפאל, א וועלפעלע אין שעפסען געשטאלט! און איך נאר האב נאך אליין ארויף געשלעפט מיינע קליידלעך אויף איהר, און זי קוקט אויס ווי אן אנשטענדיגע שעפסעלע! אה, דער טאטע האט דא געמוזט מאכען א גוט געשעפט... אומזיסט איז זי דא ניט, אבער וועמען געהט עס אן?

— אבער הא, וואס זאל עס זיין מיט יאשקאן? אז זי באהאלט זיך אזוי פון די קריסטען, זאל דאס מעגליך זיין אז זי זאל חתונה האבען מיט אים? ער איז דאך אויך א קריסט... אבער טאמער ליבען זיי זיך, דאן וועט קיין טאטער ניט העלפען. יא, עס קען זיך מאכען אז זי זאל ווערען א קריסט אדער ער זאל ווערען א זשיד, עס טרעפען זיך פיעל אזעלכע געשיכטען.

— ניט גוט, איך וועל יאשקאן עפענען די אויגען ווער זי איז. ער איז אַ שטאָלצער קריסט, און זי נאַרט אים, וועט ער זי ניט וועלען אנקוקען. איך וועל זי משלח זיין אַ היים צו די זשידעס. הא, הא, זיך אריין געשמוגעלט, און אַ פריינדליכע, אָבער ווער איז שולדיג אַז ניט מיין פּאַטערעל אליין? אה ער מוז זיך לאָזען גוט באצאהלען דערפאַר!

זי האָט גערופען יאשקען און מיט נצחון אים איבערגעגעבען די וויכטיגע ענטדעקונג וואס זי האָט געמאַכט. זי האָט געדענקט, יאשקא וועט איהר באַדאַנקען דערפאַר וואס זי ראַטעוועט זיין כּבוד פון אַזאַ בלאָטע ארויס, ווי זיך צו פאַראייניגען מיט אַ זשידאָווקע.

יאשקא האָט געמאַכט אביסעל אַ גרימאַסנע מינע ביי דער נאַכריכט אַז מאריאנא איז גאָר אַ זשידאָפקא, ניט קיין פּאַניענקע, אָבער נאַכהער האָט ער מיט פרייד אויסגערופען: — „האָב איך געזיגט!“ אה טייערע סטאשקא, איך בין דיר זעהר דאַנקבאַר פאַר די נייעס, דו האָסט מיך פון טויט לעבעדיג געמאַכט. אה סטאשקא, איך וועל דיר קיינמאָל ניט פאַרגעסען פאַר דער טובה. דו ביסט אַ גוטע פריינדין סטאשקא. — און איהר געדריקט שטאַרק איהר גראָבע האַנט. — איך האָב געזיגט, סטאשקא!

סטאשקא איז געווען אין הימעל, זי האָט געמיינט אַז זי האָט שוין איהרס אויסגעפיהרט. — וואס דען ער וועט חתונה האָבען מיט אַ ניט געקרישטשטעטע, אַזאַ שטאָלצער קריסט, וואָס זיין טאַטע און מאַמע ליגען איבער אין צערקווע (קירכע).... אָבער דאַ האָט זי נאָך געמאַכט אַ נייע ענטפּלעקונג, אַז זי האָט זיך גאָר גענאַרט אין גאַנצען חשבון. ער, יאשקא, האָט זי געלאָזט שטעהן און איז שנעל אנטלאָפען. סטאשקא איז געבליבען שטעהן מיט אַן אָפען מויל פאַרוואונדערט פון זיין באַמערקונג „איך האָב געזיגט!“ און פון זיין פּלוצלונגען אנטלויפען. אָבער אַז זי האָט אנגעהויבען צו

טראכטען, האט זי גאר איינגעזעהן אז יעצט האט זי אים נאך קורצער געמאכט דעם וועג צו מאריאנען... — וואס איז יעצט צו טאן? — זי וועט ווארענען מאריאנען אז זי זאל שנעל אוועק פון זייער הויז.

אז יאשקא איז אוועק פון סטאשקאן האט ער גלייך אויפגעזוכט מאריאנען אין גארטען, נים געוואלט ווארטען אז סטאשקא זאל מיט איהר רעדען, טאמער אנטלויפט זי פון דאנען.

מיט גלאטע ווערטער האט ער איהר געלאזט וויסען אז ער ווייסט שוין אלעס, ווער זי איז, נאר זי דארף זיך נים שרעקען.

— איך וועל דיך נעמען אונטער מיין שוץ, וועסטו זיין זיכער פון יעדע געפאר, מיין ליבע מאריאנא.

מאריאנא איז געווארען טויט בלאס פאר שרעק פון דער ענטדעקונג.

— גאט מיינער, גאט! — האט זי אויסגערופען מיט פאר־בראכענע הענט. — פארוואס שטראפסטו אונז אזוי פיעל?

— מאריאנא, הער אויס, וויין ניט, די האסט נים וואס צו וויינען. דו ווער מיין ווייב, דו וועסט זיין גליקליך ביי מיר. איך ליב דיך יעצט אזוי שטארק ווי פריהער ווען איך האב געמיינט אז דו ביסט דעם פערשטער'ס טאכטער.

— אבער וואס רעדסטו יאשקא, ווי קען דאס זיין? דו ווייסט דאך אז מיר זיינען אזוי ווייט איינער פון אנדערען. צווישען אונז שטעהט אזא שטארקע וואנט, די רעליגיאן!

— וואס מיר רעליגיאן, א שווערע זאך צו ווערען א קריסטין? דער קשאנדז באשפריצט דיך מיט הייליגע וואסער, ביסטו שוין א קריסטין!

— אה, יאשקא, אויב דו האָסט מיך באמת ליב, דאַן האָב רחמנות! מיינע עלטערען וועלען עס ניט איבערלעבען. זיי וועלען שטאַרבען פאר שאַנדע און שמערץ.

— אויף דיינע עלטערען האָסטו רחמנות און אויף מיר האָסטו ניט קיין רחמנות? איך מיין אז דו ליבסט מיך אויך, און איך ליב דיך אודאי, אונזער שיידען הייסט ווי מיר וואָלטען זיך אליין אין טייך אריין געוואָרפען צום דערטרינקען.

— אָבער יאשקא, פאַרוואָס זאָלסטו אזוי ריידען? דו קענסט זיך אויס זוכען אַ מיידעל פון דיין קריסטליכען גלויבען, און איך וועל אויך מן הסתם טרעפען.....

— ניין מאַריאַנא, דו קענסט אזאַ חתן ביי דיינע זשידעס ניט קריגען. אַלע דיינע זשידאָפּסקע קאַוואַלערען זיינען קראַנקע, צובראָכענע פון נאָך דער מלחמה, אויסגעהונגערטע. איך בין רייך, ביי מיר וועסטו זיין גליקליך.

— נו, שוויינסט? ענטפערסט ניט?

— איך קען ניט יאשקא, איך קען ניט! איך טאָר ניט!... ווען דו ביסט אַ איד, וואָלט אַנדערש געוועזן, אָבער אזוי, אה לאָז מיך אָפּ! אַה לאָז מיך אָפּ! האָב מיטלייד! — און זי איז געפאַלען צו זיינע פיס מיט אַ יאָמער.

— אה, יאשקא, יאשקא! האָב רחמנות! מיינע עלטערען וועלען עס ניט איבערלעבען, שענק זיי דאָס לעבען!

— הא, הא! דו האָסט צוויי ברירות, אָדער דו ווערסט גוט ווילינג מיין געזעצליכע ווייב דורך קירכע און געזעץ, אָדער איך וועל דיך שענדען ווי אַ הונט, און דאַן וועסטו קענען געהן צו דיינע עלטערען און ווערען אַן ערליכע זשידאָפּקע...

— אה מיטלייד, מיטלייד! — האט זי געקלאגט און זיך פארגאנגען אין חלשות.

— א, דו שלאנג, דו ווילסט ניט מיט גוטען, וועל איך דיך נעמען מיט בייזען! דו מוסט מיינע זיין....

ער האט ארויף געווארפען זיין ראק אויף איהר קאפ, זי ארויף גענומען אויף זיינע געזונטע פלייצעס און אוועק מיט איהר אהיים, זי איינגעשלאסען אין א באזונדער צימער ווי א גרויסען פארברעכער, זי געהיט ביי טאג און ביי נאכט, איהר געגעבען די לעצטע צוויי ברירות.

אדער זי ווערט זיין פרוי דורך קירכע און געזעץ, און ער וועט טאן די גרעסטע טובות צו אידען —

אדער.....

דעם טאג וואס מרים שלאסבערג האט נעדארפט געהן אין קירכע צו דער שמד זיך פאראייניגען מיט יאשקא דעם וואוט'ס זונדעל, איז די גאנצע שטאדט געווען איינגעהילט אין א טרויער: אלע קראמען זיינען געווען פארשלאסען, און די גאנצע משפחה פון די שלאסבערגס איז געגאנגען אויפ'ן בית עולם, געפאסט און געריסען קברים און געשניטען קריעה.

# אַלע קיה האָבען איין פּנים

(הומאָרעסקע)

ענני און פּעני זיינען צוויי פריינדינס געוועזן. געאַרבייט אין איין שאָפּ, געוואוינט אין איין בעד־רום ביי אַ מיסעס און געשלאָפען אין איין בעט.

ביידע מיידלעך פלעגען צוזאמען געהן צו דער אַרבייט און פון דער ארבייט, ביידע האָבען זיך גלייך געדרעסד ווי אַ צווילינג, ביידע פלעגען געהן אין טעאַטער, צו בעלער, צו קאָנצערטען, האָבען זיך זעהר ליב געהאַט ווי גוטע שוועסטער. אָבער אין אויסזעהן האָט מען דערקענט אַז זיי זיינען ניט קיין שוועסטער. כאָטש ביידע זיינען געוועזן שעהן, הויך געוואַקסען, ווייסע פּנים'ער, בלאָנדע שעהנע האָר. נאָר פּעני האָט געהאַט גרויסע בלויע אויגען, ווערענט ענני האָט געהאַט גרויע אויגען.

איינמאָל האָט זיך פּעני פאַרשפּעטיגט ביי איהרע אַ קוזינע צו אַ פּאַרטי, ווערענט ענני איז געוועזן ביי איהרע אַ קרובה. איז פּעני אַהיים געקומען ארום צוויי אַזייגער ביי נאַכט. ניט וועלענדיג איהר פריינדין שטערען פון שלאָף, האָט זי שטיל אויף געשלאָסען די טיר, ניט אנגעצונדען קיין גאַז, נאָר אין דער פינסטער זיך שטיל אויסגעטאָן און אפילו ניט געוואָלט זוכען אַ נייט־גאַון, נאָר אין הוילען אונטערשטען קליידעל און אין בלויזען זיידען העמדעל האָט זי זיך שטיל ווי אַ קאַץ אריין גערוקט אין בעט אריין, זיך שטילערהייט צוגעדעקט און געשלאָפען.

גאַנץ פריה איז מען געוועהנליך געוואוינט אויף צו שטעהן צו געהן צו דער ארבייט. און כאָטש פּעני איז שפּעט געקומען,

דאָך האָט איהר געוואוינהייט זי ניט געלאָזט פארשפעטיגען צו דער ארבייט. זי האָט זיך אויפגעכאפּט, און גאָט מיינער! וואָס זי האָט דערזעהן!... אנשטאט עני'ן, האָט זי דערזעהן א יונגען מאַן, ליגען אין בעט און גאַנץ רוהיג שלאָפען נעבען איהר זייט. אין ערשטען אויגענבליק האָט זי שיער אויסגעשריען פאר שרעק, אָבער באלד האָט זי פארביסען די ליפּען ניט ארויסצולאָזען א דוך פון מויל, איינגעהאלטען דעם אטהעם און ניט געוואוסט וואָס עס איז אויף איהר געפאלען.... אָבער אז זי האָט זיך א קוק אום געטאָן אין דער רום וואו זי איז, איז זי נאך מעהר פארציטערט געוואָרען: זי האָט דערזעהן אז עס גאָר ניט זייער רום. הייסט עס אז זי איז גאָר פארבלאָנדזשעט אין א פרעמדע רום! און אנשטאט צו לייגען זיך אין איהר בעט נעבען עני'ן, האָט זי זיך געלייגט נעבען א פרעמדען יונגען מאַן!... ביי דעם געדאנק איז זי שיער פון זינען אראָפּ, — וואָס וועט יעצט זיין? — איז איהר דורך געפלויגען א געדאנק, — ווי רעטעט מען זיך? — אָבער זעהענדיג ווי יענער שלאָפט זיך רוהיג, האָט זי זיך שטיל ארויס געכאפּט פון בעט, געכאפּט אויף זיך די זאכען שנעל, און ציטערענדיג אין גאַנצען קערפּער פאר שאנדע און שרעק, — ווען דער באָי עפענט די אויגען, — האָט זי געקלערט, — וואָס וואָלט ער געזאָגט? — אָדער ער וואָלט זי האלטען פאר איינער פון די ערגסטע, אָדער פאר א גנב'טע. שטיל אויף די שפּיץ פינגער איז זי ארויס פון דער רום, מיט הארץ קלאפּעניש איז זי אריין אין איהר רום. צום גליק האָט נאך עני געשלאָפען.

— נע, דאנקען גאָט, זי שלאָפט נאך, פארשפּאָרען צו זאָגען תירוצים.

אז פעני איז ארויס פון יענער רום, האָט דער יונגערמאַן געעפענט די אויגען און צופרידען געשמייכעלט.

— הייסט עס, זי האָט געמאכט א טעות? הא, הא, ניט קיין שלעכטער טעות!... הלואי מאָרגען אזא טעות... אָבער ווי קומט

עס? און ער דערמאָנט זיך אלס ער האָט זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען א ביסעל ליכטיג, און ער האָט דערזעהן דאָס מיידעל שלאָפען נעבען זיך. צו ערשט האָט ער ניט געוואוסט וואָס זאָל דאָס זיין? און ווי קומט צו אים א מיידעל אין בעט? ער האָט גוט געדענקט אז ער האָט זיך אליין געלייגט שלאָפען. אָבער לאנג טראכטען האָט ער ניט געקאנט. ער האָט באטראכט די מיידעל וועלכע איז געלעגען נעבען אים אן אויסגעטאָנענע, איז ער שיער משוגע געוואָרען. א פאָר ווייסע ארמס ווי ווייסע מארבעל, און א פנים פריש ווי א פריש צו בליהטע רויז, רויטע ליפען כאָטש נעם און קוש... די גאָלד בלאָנדע האָר צו וואָרפען איבער'ן קישען ארום זיין פנים, מיט א מאָדנעם פארפיום ריח, דער דופט פון מיידעל'ס קערפער. די וואָרעמקייט פון איהר שעהנעם, צארטען אלבאסטער קערפער, די צארטע מיידעל ברוסטען האָבען זיך רעגעל־מעסיג בעוואויגען און ארוים געקוקט דורך דעם דינעם זיידען העמדעל ווי צוויי שעהנע בלומען... זיינע אויגען זיינען שפיציג געוואָרען און דאָס הארץ האָט זיך אים צוזאמען געצויגען. דאָס בלוט האָט זיך געשפארט אין קאָפּ אריין, אין די שלייפען האָט עס געהאקט, אין די אויערען מאָדנע געקלונגען און געזונגען מיט פרייד און יובעל... מיט פיעל וואונדער און חידוש, ווי דאָס צארטע וועזען קומט צו זיין זייט? איז עס דען א כישוף? איז עס דען א מלאך פון הימעל? וואָס קען עס זיין? ווי זאָל עס זיך ערקלערען? און דאָ האָט ער מורא געהאט זיך א ריר צו געבען, זיך צו באוועגען ער זאָל זי ניט אויפוועקען. ער וואָלט וועלען עס זאָל אזוי דויערען א גאנצע אויביגקייט: ליגען און קוקען אויף איהר...

אָבער שא, אָט באוועגט זי זיך, זי וועט באלד עפענען די אויגען. ווי וואָלט ער געוואָלט זעהן איהרע אויגען! אריינקוקען אין זיי, זיך אנווארימען אין די שטראלען פון איהר בליק, אָבער וואָס וועט זי זאָגען דערצו? אז ער וועט איהר פרעגען ווי זי קומט אהער? אָבער ניין, ער מוז אָפּווארטען און זעהן דעם סוף.

ער האָט צוגעמאַכט די אויגען, זיך געמאַכט שלאָפענדיג, אָבער כאַפּענדיג בגנבה אַ בליק, האָט ער געזעהן ווי די מיידעל האָט געציטערט פאַר שרעק, און ווי שטיל זי איז ארויס, און געהערט ווי זי איז אריין אין אַ נעקסטער רום.

— אה, וואהרשיינליך איז עס די נייע באָרדערקע! יאַ, צוויי מיידלעך האָבען טאַקע די וואָך אריינגעמופט! —ער האָט זי נאָך אפילו ניט געזעהן, ווייל ער אינטערעסירט זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכען. ער איז צופיעל פארנומען: בייטאג — ארבייטען, און ביי נאַכט לערנען אין סקול, האָט ער קיין צייט זיך אומצוקוקען, און אין אַלגעמיין האָבען אים מיידלעך ווייניג אינטערעסירט, ווייל פאַר אַ צוועק קען ער נאָך ניט טראַכטען, און גלאַט אַזוי, דאַרף דאָך געלט קאָסטען, און דאָס קען ער ניט אפּאָרדען.

— אָבער די נייע באָרדערקעס — האָט ער געקלערט — האָט די מיסעס געלויבט, שעהנע מיידלעך, האָט זי געזאָגט, און זיי האָבען זיך ליב, אַ זעלטענהייט פון פריינדינס! אָבער דאָס וואָס ער האָט אפילו ניט געהערט ווי זי איז אריין אין זיין רום? האַ, האַ, — האָט ער געשמייכעלט — וואהרשיינליך פאַסט זיך איהר שליסעל צו זיין טיר, אין אמעריקאַ זיינען „אַלע קיה גלייך“. אין קאַנטרי מעלקען זיך די קיה, און אין ניו יאָרק, קען מען דיך אויס־מעלקען דורך דער קיה.... און וואהרשיינליך שלאָפט זי מיט יענער מיידעל אין איין בעט. ער איז נאָך געלעגען אין בעט, און זיך געוואָלט דערמאָנען אַלע איינצעלהייטען: ווי זי זעהט אויס, ווי שעהן זי איז! איהר קערפּער — אַ זעלטענע ווייסקייט! און אַ ציטער האָט דורכגענומען זיין הארץ, אַ מאָדנער, נייער געפיהל, אַן אומ־ערוואַרטעטער געדאַנק —

ווי ווערט מען באַקאַנט מיט די מיידלעך?

— ער וועט שוין אויסזוכען עפּעס אַ מיטעל — האָט ער געקלערט, און איז אויפגעשטאַנען.

מיט אַ פּאָר טאָג שפּעטער, איז ער געשטאַנען ביי זייער טיר. און מיט אַ ציטער אין הארצען האָט ער אנגעקלאפּט אין טיר. ווען מען האָט געעפענט, האָט ער זיך ענטשולדיגט, און געבעטען מען זאָל אים לייען די קיה, אפשר וועט ער קענען עפענען זיין טיר, דען ער האָט זיין קיה פארלאָרען. דערווייל האָט ער באטראכט די מיידלעך, און ניט געקענט דערקענען וועלכע איז געווען ביי אים.ביידע זיינען הויכע, ביידע — בלאָנדע, ביידע שעהן. ווי געפינט מען אויס וועלכע איז די באַטרעפענדע? ער האָט געעפענט זיין טיר, און זיי באדאנקט פאר דער קיה, און דאביי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אלס זייער אַ שכן.

ווען ער פּאסט אויף ווען ער איז אריינגעקומען בעטען די קיה צו עפענען זיין טיר, ווען ער וואָלט ניט געווען אליין ווי עפּעס צורודערט פון דעם, ווייל ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אז ער וועט באלד זעהן די ליבע מיידעל נאך וועלכער ער גארט צו זעהן, וואָלט ער זי באלד דערקענט, ווייל פעני איז געוואָרען דערשראָקען און בלאַס ווי די וואנד דערזעהענדיג דעם יונגענמאַן. אָבער זעהענדיג ווי ער איז רוהיג און גלייכגילטיג, האָט זי זיך בארוהיגט, און דאן איז אים שוין שווער געווען צו דערקענען, ווייל ביידע האָבען זיך רוהיג גערעדט, גליך עס וואָלט גאָרנישט פאסירט, ווייל פעני האָט נעדיינקט אַז וואהרשיינליך ווייס ער פון גאָרניט.

אָבער פאר אים איז דאָ געווען אַ שווערע פּראָבלעם: ווי געפינט מען אויס וועלכע איז געווען ביי אים אין צימער? געהן פרעגען, ער האָט דאָך זי ניט געקענט, און טאָמער טרעפט ער אָן די אַנדערע, וואָס וועט זי אים זאָגען? זי וועט דאָך מיינען ער איז משוגע געוואָרען! אָבער וואָס טוט מען? צו ערשט האָט ער באשלאָסען צו ווערען מעהר באקאנט און דאן באפריינדעט, און אפשר וועט ער אזוי ארום עפּעס אויספאָרשען.

ער האָט זיך מיט זיי היימיש געמאכט, זיי איינגעלאדען אין טעאטער, זיי געזאָגט, ער האָט בענעפיט טיקעטס, זאָלען זיי אים

אַ טובה טאָן און מיטגעהן אין טעאַטער. דאָ האָט ער געזעהן ווי צו איינער קומט אַ באַי אַלע מאָל, דאָס האָט אים געשראָקען, טאָמער איז עס גראָדע די, זיינע, וועלכע האָט דעם באַי! דאָ האָט ער געפילט אַ צו ציהונג און ער האָט ניט געוואוסט צו וועלכער. ער איז אַרומגעגאַנגען געקרענקט, ווי אַ צודולטער, קלערענדיג און טראַכטענדיג: ווי געפינט מען אויס דעם סוד, צו לעזען די שווערע פּראָבלעמע? ער האָט ניט געקענט שלאָפען, ניט עסען פאַר־דרוס. אוי מענשען גיט אַן עצה: ווי געפינט מען אויס דעם סוד, וועלכע איז עס די ריכטיגע?......

# דעם פּאָטער אויף צו להכעיס

שלום עקשטיין איז געווען אַ רייכער אַרענדאַר אין דעם דאָרף ד. ער האָט געשפּילט אַ אידיש־חסידישע ראָלע. ער האָט גע־שטאַמט פון אַ מיוחס'דיגע משפחה אויף וועלכער ער האָט שטאָלצירט און פון יעדען געפאָדערט מען זאָל אים דערפאַר אָפּגעבען כבוד.

אין שטאָדט האָט מען געקענט שלום עקשטיין דורך זיין צדקה. ער פלעגט נאָך יום טובים אריין פירען אין שטאָדט פול־געפּאַקטע פורען מיט אַלעם גוטען: קאַרטאָפעל, קרויט, בוריקעס ציבעלעס און אַנדערע לעבענס מיטעל און עס צוטיילען צו די אָרימע פון שטאָדט. איבערהויפּט צו זיין משפּחה, וועלכע זיינען געווען גרויסע אָרימע לייט. דערפאַר האָט מען אים טאַקע ליב געהאַט און אים כבוד אָפּגעגעבען.

זיין ווייב דבורה איז געווען אַן אשה צנועה, ניט דורך געלאָזט אַ הונגעריגען, און נאָך מיט אַ שעהנע נדבה און מיט גוטע טרייסט ווערטער דאַצו.

ביי די עקשטיינס זיינען געווען צוויי קינדער, אַ מיידעל און אַ אינגעל. דאָס מיידעל האָט געהייסען עטעלע, און דאָס אינגעל צדוק'על. די קינדער זיינען געווען געראָטען מיט אַלע מעלות, שעהן און קלוג, זיך גוט געלערענט. ביי שלום עקשטיין זיינען שטענדיג געווען די בעסטע לערער און מלמדים. אזוי האָבען טאַטע־מאַמע גרויס נחת געהאַט פון די צוויי ליבע קינדער.

די קינדער זיינען געווען צוגעבונדען צו טאַטע־מאַמע מיט דער גאַנצער נשמה. עס איז ניט געווען קיין צו טייערע זאַך פאַר

זיי. צדוק'לען האָט מען געהאַלטען אין שטאָדט ער זאָל שטודירען, און עטעלע איז געווען די ליכט פון הויז, די נשמה פון די עלטערען.

עטעלע איז אויסגעוואַקסען ווי אַ שעהנע בלום, מיט אַלע שעהנע מעלות. אַז זי איז געוואָרען זעכצען יאָהר, האָט מען שוין איהר גערעדט פיינע שידוכים, רייכע, פיינע יונגעלייט, גרויסע מיוחסים, וועלכעס איז געווען די ערשטע באַדינגונג פון שלום עקשטיין. יחוס איז ביי אים געשטאַנען העכער פון אַלעס.

פון דעסטוועגען האָט שלום עקשטיין געזאָגט אַז זיין עטעלע איז געבאָרען צו זיין אַ שטאָדט דאַמע. געלט האָט ניט געפעלט, האָט ער געוואוסט אַז מיט געלט קען מען אַלעס קריגען.

די מאַמע דבורה האָט שוין אָנגעפּאַקט אַ פולען קופערט מיט די פיינסטע און בעסטע זאַכען וואָס נאָר אַ מענשענס הארץ קען גלוסטען איז אַלעס פאָרבערייטעט פאַר עטעלען צו איהר חתונה אויסשטאַטונג. פרוי עקשטיין האָט ניט געקוקט אויף קיין פּרייז, פאַר איהר זיסער טעכטערעל עטעלע, איז קיין צו טייערעס געווען!

עס האָט שוין נאָר ניט געפעלט, נאָר אַ פיינער התן מיט וועלכען שלום עקשטיין האָט זיך ניט געזאָרגט, ער האָט געוואוסט אַז דאָס וועט קומען. שדכנים האָבען אָפּגעשלאָגען די טירען, און אַלע מאָל איז עקשטיין אַליין געפאָרען צו ערשט זעהן דעם חתן. אָבער דערוויייל האָט ער זיך נאָך ניט געקענט צו קלייבען אַזוינס ווי ער האָט געוואָלט. און געקליבען האָט ער ווי מען קלייבט פּערעל.

פּלוצים איז ווי אַ דונער אַרונטער אין שעהנעם העלען טאָג און צושטערט דאָס גליק פון דער ליבער פאַמיליע עקשטיין צו־שטערט און צובראָכען: פרוי עקשטיין, די ליבע, גוטע נשמה, די טייערע פרוי און מוטער, איז קראַנק געוואָרען, און אין אַ פּאָר טאָג ארום איז זי געשטאָרבען פון אַ לונגען־ענטצינדונג.

שלום עקשטיין האָט שרעקליך געיאָמערט אז מען האָט גע־מיינט אז ער וועט זיך קיינמאָל ניט קענען טרייסטען. אָבער ווי די וועלט זאָגט א ווערטעל — „וואָס די ערד דעקט צו, מוז מען פאַרגעסען.“ איבערהויפּט א מאַן נאָך א ווייב טרייסט זיך שנעלער ווי מען קען זיך פאָרשטעלען.

אויך שלום עקשטיין האָט ניט לאַנג געקענט טרויערען נאָך זיין ליבער, גוטער דבורה, וועלכע האָט זיין הויז פארשיינט און פאַרצירט מיט איהרע גוטע מעשים, זיין גאַנצער כבוד איז דורך איהר געקומען. זי פלעגט אים טרייבען צו העלפען זיין אָרימע משפחה וועלכע זיינען געווען יחסנים אָבער גרויסע קבצנים. זי אליין פלעגט זיי שטיצען וויפיעל זי האָט נאָר געקענט. דערפאַר אז זי איז געשטאָרבען, האָבען זיי זעהר פיעל געטרויערט נאָך איהר. זיי האָבען באַדויערט עקשטיינען דאָס ער האָט פארלאָרען אזא טייערען בריליאנט.

די קינדער, עטעלע און צדוק׳ל האָבען זיך אמת׳דיג ניט געקענט טרייסטען נאָך דער גוטער, טייערער מאַמע, דערפאַר האָט עקשטיין אוועקגעשיקט עטעלען אין שטאָדט אריין צו א שוועסטער אז זי זאָל ניכער א ביסעל פארגעסען אין דעם גרויסען אומגליק.

דערווייל איז עטעלע שוין געוואָרען 20 יאהר, און שלום עקשטיין האָט צונד אין גאַנצען פארגעסען אז ער דארף נאָך ניכער פאַר איהר זוכען א באשערטען, דען דאָס וואָלט אמניכסטען פאַר־היילט איהר וואונד און זי געטרייסט, ווען זי האָט חתונה אין אין עפּעס א שעהנער משפחה, וואָלט מען זי שוין געטרייסט.

— שלום עקשטיין האָט יעצט א גאַנץ אנדערע דאגה געהאַט ער האָט אליין געזוכט א טרייסטער, אָדער א טרייסטערין. ער איז אוועק צום רבי זיך באקלאָגען אז זיין ווירטשאַפט געהט צו גרונדע אָהן א בעל הבית׳טע. נאַטירליך האָט דער רבי געזאָגט אז אַן ערליכער איד טאָר ניט זיצען אָהן א ווייב. עס וועלען זיך אים

חלום'ען ציגיינערס .. אזוי האָט ער לאַנג ניט ספעקולירט, אריין געפאָרען אין שטאָדט אריין, זיך געלאָזט ריידען שידוכים, און ביז צו שלשים האָט ער זיך געטרייסט מיט א שעהנערער, אינגערער ווייב.

מען האָט אים פאָרגעשטעלט א מיידעל, א שעהנע, נעזונטע, מיט פלייצעס, מיט א פעסטען בוזים. די האָר אויפגעקאַמט א הויכען פּאָמפּאַדור נאך דער לעצטער מאָדע. געערדט האָט זי הויך, און קלינגענדיג געלאַכט ווי א גלעקעל וואָלט געקלונגען. איהרע קליידער זיינען געוועזען פון שרייענדע קאָלירען. שלום עקשטיין איז געוואָרען ביז איבער די אויערען פארליבט אין איהר, און ער האָט ניט לאַנג ספעקולירט, פארשריבען אויף איהר א האלב פארמעגען, און מיט איהר חתונה געהאט מיט מזל.

אז שלום עקשטיין האָט אהיים געבראַכט זיין נייע ווייב, איז עטעלע א פארציטערטע געוואָרען, זעהענדיג אויף וואָס איהר טאַטע האָט אויסגעביטען. עטעלע איז ניט געוועזען קיין נאַר, זי האָט געוואוסט אז איהר טאַטע וועט ניט אויביג זיצען אַן אלמן, אָבער אז ער זאָל זיך אזוי גיך טרייסטען און שוין אריין ברייננגען אַן אַנדערע אויף איהר מוטער'ס פלאַץ, דאָס האָט זי זיך ניט געקענט גלויבען. אויף דער ליבער, געטרייער דבורה, וועלכע איז צו אים געוועזען אזוי געטריי און גוט, זאָל ער אזוי גיך פארגעסען, דאָס האָט עטעלע ניט געקענט גלויבען. זי האָט געהערט אז מענער האָבען א זעהר קורצען זכרון, אז טאָמער דעזעהען זיי אַן אַנדער פרוי, פארגעסען זיי די ערשטע.... אָבער דאָס, האָט זי געדיינקט, איז בלויז געזאָגט פאר א וויץ, אָבער יעצט האָט זי געזעהן אז דאָס איז טאַקע אמת.

די נייע פרוי האָט מען גערופען „מאדאם עקשטיין", ניט ווי יערער האָט גערופען עטעלע'ס מאמען „דבורה'לע."

מאדאם עקשטיין איז באלד געוואָרען די הערשערין פון

אַלעמען: פון מאַן און פון די קינדער. די שליסלען שטענדיג געטראָגען ביי זיך אין דער זייט. דעם קאָפּ פאַרריסען מיט דעם הויכען פּאַמפּאַדור ווי אַ זשאַנדאַר און איבער אַלעס געוועלטיגט. צו די אריינקומענדע קונים האָט זי ליבליך געשמייכעלט. די גוים פון דאָרף און די שקצים זיינען די כּפּרה געוואָרען דערזעהענדיג אַזאַ שעהנע זשידאָווקאַ. די שקצים פלעגען איבערליגען אין שענק צו קענען זעהן און ריידען מיט דער פּאַניע עקשטיין.

עטעלע'ס צאַרטע געפילען האָט שטאַרק געליטען פון די אַלע זאַכען. זי האָט זיך ניט געקענט טרייסטען נאָך דער ליבער, גוטער, יונגע מאַמע, וועלכע איז געוועזען אַ מלאך קעגען דער יעצטיגער. דאָס אויפפירען פון דער שטיף מוטער האָט איהר געשטאָכען ביז טיף אין איהר יונגער האַרץ. זי האָט געפּרופט צו זיין צו איהר פריינדליך, דיינקענדיג: וואָס איז זי שולדיג וואָס מיין מאַמע איז געשטאָרבען? אָבער אין האַרץ איז געבליבען די זעלבע אַנטיפּאַטי. די שטיף מוטער האָט עס דערפילט אַז די שטיף טאָכטער איגנאָרירט זי, האָט זי איהר אויף צו להכעיס נאָך מעהר געזוכט צו ערגערען און געטאָן זאַכען וואָס זי האָט פאַרשטאַנען אַז עטעלע קען דאָס ניט פאַרטראָגען.

עס האָט לאַנג ניט גענומען האָט דרייזע, אָדער מאַדאַם עקשטיין, זיך באַקלאָגט פאַר'ן מאַן אַז עטעלע איז צו איהר ניט פריינדליך, און אַז זי קוקט איהר נאָך ווי זי וואָלט עפּעס באַגאַנגען אַ פאַרברעכען.

— לאָז זי צו רוה, מיין טייערע — האָט ער זי געבעטען זי קושענדיג. — דו ווייסט דאָך, אַ מיידעל, ערשט פאַרלאָרען איהר מאַמען, זי איז נאָך יונג, זי וועט זיך צוגעוואוינען, וועט זי דיך ליב האָבען, וועט זי מיט דיר ווערען אַ פריינדין.

— איך האָב מורא, מיין ליבער, אַז זי וועט מיך פאַרפּאַלגען.

איך זעה ווי זי קוקט אויף מיר ווי איך וואלט גע'הרג'עט איהר מאמען. דו מוזט איהר עס זאגען אז זי זאל מיך רעספעקטירען.

— איך האב עס איהר באלד געזאגט אז דו ביזט נאר געקומען אהער.

— אבער זי הערט עס ניט. זי מוז בעסער זיך עס איין זינען נעמען.

— איך וועל זעהן אז עס זאל זיין שלום צווישען אייך, מיין זיסע.

אזוי האט ער זי בארוהיגט, און באלד אוועק צו זיין איינציגער, אפגעציטערטער עטעלען און איהר גענעבען א גאב פארוואס זי פארהאלט זיך ניט פריינדליך צו דער שטיף מוטער.

— זאלסט ניט פראוועו קיין נארישע שטיק. זי איז ניט שולדיג וואס דיין מאמע איז געשטארבען, און איך האב דיין מאמע ניט דער'הרג'עט. יעצט מוזטו די אנערקענען און רעספעקטירען, ווייל זי איז מיין פרוי!

עטעלע האט זיך צואויינט, און אונטער טרערען האט זי אים ערקלערט ווי זי פירט זיך ניט פיין, ווי זי פארברייננט מיט די שקצים צו פריינדליך, און זי קען עס ניט צוזעהן.

— עס איז א ליגען, דו טראכסט דאס אויס, אדער עס דוכט זיך דיר דאס. זעה בעסער זיי פריינדליך מיט איהר, ווייל קריגען זיך וועט דיר גאר ניט העלפען. זי מוז בלייבען די בעל הבית'טע פון הויז, ווייל דיין מאמע וועט ניט אויפשטעהן זיין די בעל־הבית'טע.

פון דעסטוועגען האט ער געמאכט פארווירפע זיין נייער, יונגער ווייבעל, און זי געווארענט זי זאל אויפפאסען, זאל זיין גאמען ניט בלאמירען...

דאָס האָט דרייזען זעהר געערגערט. זי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז עטעלע'ס ארבייט, אַז זי האָט עס געמוזט אָנריידען. האָט זי זיך פאָרגענומען אַז זי זאָל איהר פאַרביטערען דאָס לעבען.

דרייזע, אָדער פרוי עקשטיין, האָט געזעהן אַז דאָס איז פאַר איהר אַ קאמפף, האָט זי געוואָלט דערגעהן דער מיידעל די יאָהרען. זי פלעגט זיך וואָס מעהר אויספוצען און שאפען און ראנזען מיט יעדען באַזונדער, און ניט געאַכטעט זעהענדיג ווי די מיידעל ווערט יעדען טאָג טרויעריגער און פינסטערער, ווייכט זי אויס, זיצט די מעהרסטע צייט אין איהר צימער.

פרוי עקשטיין, אַן אויסגעפּוצטע, פלעגט וואָס מעהר לאַכען מיט אַלע גוים און שקצים אַז דער מאַן איז נאָר ניט געווען אין דער היים. און טאָמער איז ער געווען אין דער היים, האָט זי זיך געציינגט ווי אַ נוטע טייבעלע: געערדט צו עטעלע'ן ווייך און גוט, אָבער ווען ער איז ניט געווען אין דער היים, פלעגט זי איהר גאָר לאַכען אין פּנים אריין חוצפּה'דיג, איהר זאָגען שטעך ווערטער, זי רייצען ביז עס איז ארויס אַ מחלוקת.

די שטיף מוטער מיט דער שטיף טאָכטער זיינען איינע דער אַנדערער געוואָרען די גרעסטע שונאים, איינפאַך אויף מעסער־שטעך. יעדע האָט געזוכט אַז זי זאָל האָבען וואָס צו מסור'ען פאַר'ן פאָטער. אויף דער טאָכטער האָט ער אפילו געהאַט מיטלייד, אָבער די יונגע, שעהנע ווייב האָט אים מיט איהרע לאַסקעס און קושען אזוי אריין געצויגען דעם אַלטען נאַר, אַז ער איז געווען פאַרליבט, נאַריש פאַרליבט, אַז ער האָט ניט געזעהן וואָס עס געהט אָן ארום אים. ער איז געווען פאַר'חלוש'ט, געטרונקען די ליבע, ניט קענענדיג זיך זעטינען, האָט ער פאַרבראַכט די גרעסטע צייט נעבען דער יונגער, געזונטער פרוי.

עקשטיין האָט זיין פריהערדיגע פרוי דבורה ליב געהאַט. אָבער יענע איז געווען אַן אנדער סאָרט ליבע: אַ ליבע ווי ביי אַ

פאַר פאָלק צוויי און צוואַנציג יאהר נאָך דער חתונה. דאָס איז געווען אַ ליבע, אַ שטילע, אַ האַרציגע, געטרייע צערטליכקייט. אָבער דאָ ביי דער יונגער ווייב דרייזע, וועלכע איז געווען פון די ווייבלעך וואָס קענען אויפבלאָזען אַ פייער פון ליידענשאַפט אין אַ מאַן ביז משוגעת... און דאָס האָט זי געוואָלט, און געטאָן מיט עקשטיין. זי האָט זיין קאָפּ פאַרדרעהט, אַז וואָס זי האָט געזאָגט איז געווען הייליג, ביז ער האָט געזאָגט צו זיין איינציגער טאָכטער אַז אויב זי וועט זיך ניט איבערבעטען מיט דער שטיף מוטער און איהר זיין געהאָרכזאַם, זאָל זי פאַרלאָזען זיין הויז. ער האָט פאַרלאַנגט אַ זי זאָל דער שטיף מוטער רעספּעקטירען, און אַז ניט, וויל ער פון איהר מעהר ניט וויסען.

ער האָט אנגעטאָן דער נייער ווייב די גאַנצע צירונג פון ערשטער ווייב, און ער האָט געזאָגט עטעלען, אויב זי וועט זיך ניט אונטערגעבען, וועט ער אוועק געבען דעם קופערט מיט דעם אויסשטאַפירונג וואָס איהר מוטער האָט פאַרבערייט פאַר עטעלען צו דער חתונה, וועט ער עס געבען צו זיין דרייזען, ווייל זי איז אים ליבער.

פון די אַלע שידוכים וואָס ער האָט געזוכט פאַר עטעלען, האָט ער אין גאַנצען פאַרגעסען, ווייל זיין קאָפּ איז געווען צופיעל פאַרנומען מיט זיין ווייב, און מיט דער קריגעריי צווישען דער ווייב מיט דער טאָכטער.

איינמאָל האָט ער שטאַרק עטעלען געזידעלט. האָט זיך עטעלע צואוויינט און זיך אויסגעדריקט.

— טאַטע, דו וועסט חרטה האָבען, אַז דו וועסט אוועק געבען מיינע זאכען וואָס מיין טייערע מאַמע האָט פאַר מיר געקויפט און זיך געפרעהט אַז איך וועל עס האָבען. ניט אַ פרעמדער רוח זאָל עס האָבען.

— איך וועל חרטה האָבען?! נאַזשע דיר! — און ער האָט איהר דערלאַנגט אַ פּאַטש.

דאָס האָט שוין עטעלע ניט געקענט אריבער טראָגען, פאַר דער שטיף מוטער אין די אויגען זאָל ער זי פּאַטשען!

— הערזשע טאַטע! — האָט זי אויסגערופען — איך וועל זיך פאַר דיר ניט פאַרענטפערען און ניט בעטען זיך, איך וועל דיר אָבער געבען אַזאַ קראַיץ אַז דו וועסט זיך קראַצען צייט דו וועסט לעבען!....

עטעלע איז אוועק אין איהר צימער.

שוין עטליכע טאג אַז עטעלע האָט זיך ניט געוויזען און עס האָט זיך קיינער ניט געקימערט. דער פאָטער איז געווען פאַרנומען מיט די געשעפטען און מיט דער ליבע פון זיין יונגער ווייבעל. זי האָט אים געהאַלטען געפאַנגען אין איהר נעץ, ער האָט ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. אָן זיין פאַרטרויערעטער עטעלען האָט ער בכלל אין גאַנצען פאַרגעסען.

עטעלע איז ארום געגאַנגען אַ שטילע, מיט קיינעם ניט גערעדט. זי האָט פאַרבראַכט די מיינסטע צייט אין איהר צימער אָדער אין גאָרטען אונטער אַ בוים זיצענדיג און קלערען. מען האָט זיך ניט אומגעקוקט מיט וועמען די יונגע מיידעל פאַרברייננגט אָדער קומט זיך צוזאַמען.

מיט אַ פּאָר וואָכען שפּעטער איז עטעלע אוועק פון הויז. קיינער האָט ניט געזעהן און ניט געהערט ווען און וואוהין זי איז אוועק, ווי אין וואַסער אריין!

אז מען האָט זיך ארום געזעהן אַז עטעלע איז ניטאָ, האָט עקשטיין געדיינקט — זי איז מסתמא אוועק אין שטעדטעל צו דער משפּחה. האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסען, אַז די משפּחה

זאָל זיך דערוויסען עפּעס פון זיין ווייב, זי וועט אודאי דאָרט אנריידען אויף איהר.

עקשטיין האָט אוועק געשיקט אַ פּיאקער איינגעשפּאַנט מיט אַ פּאָר פייערדיגע פערד אַז מען זאָל זי וואָס שנעלער אהיים ברייגנען. — און יעצט — האָט ער זיך געטראַכט — וועט ער זוכען איהר חתונה צו מאַכען מיט ווענען עס וועט זיך נאָר לאָזען.

מען איז צוריק געקומען און געזאָגט אַז עטעלע איז ביי דער משפּחה ניט געווען, אַזוי איז געוואָרען אַ טרעוואָגע זי זוכענדיג.

מען האָט געזוכט אין אַלע ווינקלען פון דאָרף; אויף די פעלדער, אין די וועלדער, אין וואַסער ארום דאָרף, און אַלעס איז געווען אומזיסט. איצט האָט זיך עקשטיין געשראָקען אַז זי איז באַגאַנגען זעלבסט מאָרד אויס פאַרצווייפלונג.

עס האָט גאָר ניט געהאָלפען, זי איז ניט צוריק געקומען!

מיט אַ וואָך שפּעטער איז אנגעקומען אַ בריוועל פון עטעלען. זי האָט אין קורצען אַזוי געשריבען.

„ליבער פאָטער, איך האָב פאָר דיר אויסגעקליבען פיינע מחותנים: איך האָב זיך משדך געווען מיט יאשקא מיקיצקע, זיין סטאשעק וועט זיין צו דיר אַ פיינער, גוטער איידעם...

יעצט געפין איך זיך אין גרויסען קלויסטער פון דער שטאָדט נ. זאנטאג וועט פאָרקומען דער שמד און די חופה צוזאַמען.

אויב דו ווילסט, קענסטו קומען זיין אַ מחותן ביי דיין איינציגער טאָכטער.

עטעלע עקשטיין,

צוקונפטיגע יעפּקא מיקיצקע.“

# יאָסעל דער אפּערייטאָר

אַ בלאַסער, אַ מאָגערער, מיט גרויסע אויסגעדאַרטע קנאַכענ־ביינער, ליגט יאָסיל, אָדער „דזשאָו“, ווי זיין ווייב רופט אים. ער ליגט אויפ'ן לאָנדזש אויסגעצויגען. זיינע געדאַנקען בלאָנדזשען ארום אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ער טוט אַ הוסט און כאַפּט זיך פאַר דער זייט ריפּען מיט אַן — אוי, עס שטעכט! און נאַכהער כאַפּט ער זיך פאַר'ן האַרץ מיט אַ פאַרקרימטער גרימאַסע פאַר שמערץ. אָבער ער דיינקט גאָר ניט דאַריבער: עס איז אַ ביסעל אַ פאַרקילונג, עס וועט פאָראיבער געהן! זיין גאַנצע זאָרג איז זיין ווייב חוה'לע, מיט סעמעלע און פענעלע וועלכע זיינען אין קאָנטרי און ער קען זיי ניט שיקען גענוג געלט. עס האָט זיך געמאַכט סלעק, און כאָטש צורייס זיך! ער האָט שוין געטרייעט צו ווערען אַן אפּערייטאַר פון אַ פרעסער, אפשר בעסער פאַרדינען. ער זיפצט זיך שווער אָפּ און דערמאַנט זיך אין זיינע עלטערן.

— אזוינע גוטע געווען! — שעפּטשעט ער שטיל. — טרייע, ליבע מאַמע לעבען, וואו ביסטו? וואָס טוט זיך מיט אייך? ווייל אין אמת'ן טראַכט ער ווייניג פון זיי, ווייל ער איז צופיעל פאַרהאָרעוועט, אָבער איצט, ליגענדיג אויפ'ן לאָנדזש, אליין אין דער פוסטער שטוב, אַ קראַנקער, אַ מיעדער, האָט עס אים פאַר־טראָגען אין די קינדער יאָהרען. ווי אַ שטערענדעל בלישטשעט אַ שטראַל אין זיין לעבען — דאָס זיינען זיינע קינדער יאָהרען. זיין שווימען ארויס אזוי פריש, אזוי לעבהאַפט, גלייך עס וואָלט היינט געווען.

ער זעהט זיך אין דער היים. א קליין שטערטעל ביים עק פון דארף. ביי זיינע גוטע, געטרייע עלטערען. זיין מאמע, א גוט הארציגע, א ליבע צו איהר יאסעלע'ן, איהר בן יחיד'ל, ער איז איהר גאנץ לעבען.

א שעהנער, געזונטער בחור'ל איז ער געווען. חברים סונדסים פלעגען אים פארווארפען דאס ער זויגט מילך גלייך פון דער קוה, דערפאר איז ער אזוי פריש און געזונט, לויטער פוטער און סמעטענע.

— נאש־קעצעל! — האבען זיי אים גערופען, ווי זיין פאטער האט אים א נאמען געגעבען, ווייל ער האט ליב געהאט אפצוהויבען די סמעטענע פון אויפגעשטעלטע טעפ מילך.

און דאס איז ניט געווען קיין ליגען. אז ווען די מוטער פלעגט געהן מעלקען די קוה, איז שוין יאסעלע געשטאנען מיט א טאפ און געווארט אויף דער אונטערשטער מילך פון דער קוה. די מוטער האט הנאה געהאט צו קוקען אויף אים און אים צו ווינשען עס זאל אים וואויל באקומען, ווען ער פלעגט אויסטרינקען דעם טאפ מילך און זיך פאסמאקעווען — אה!

— ווילסט נאך איינס, יאסעלע? נא, נא, טאטעלע, טרינק!

— גענוג! — האט ער געענטפערט און איז אוועק אויף די לאנקעס זיך שפילען מיט די סונדסים.

א גאלדענע צייט איז עס געווען. ווי מען פלעגט קריכען אויפ'ן פלויט און בוימער צו גנב'ענען פרוכט ביים גלח אין גארטען, טייערע עפעל, גרויסע און זאפטיגע פלוימען מיט דעם בלויען הויך באצויגען, פלעגען נאך בעסער שמעקען ווי דער מאמע'ס קעזענע גאמעלקעס מיט קימעל געבאקען.

די מאמע האט אנגעקוואלען זעהענדיג ווי יאסעלע ווערט פון טאג צו טאג שעהנער און געזינטער.

אז ער איז אַלט געוואָרען פופצען יאהר, האָבען פאַר אים אַלע זיינע חברים געציטערט, מורא געהאַט פאַר זיינעם אַ קלאַפּ, און דאס האָט ער אָפט ניט געזשאַלעוועט צו זיינע חברים, וועלכע זיינען מייסטענס געווען שקצים. דאָס האָט זיי אַלעמען גובר געווען. זיין מאַמע איז געווען צופרידען. אַלע האָבען דרך ארץ פאַר יאָסעלע'ס אַ קלאַפּ, אַ גוי פיהלט אַ אידישען קלאַפּ... פלעגט יאָסעלע'ס מאַמע זאָגען, און עס איז גוט אז אַ איד האָט אַ געזונטען קולאַק צו געבען אַ קלאַפּ אז מען זאָל פאַר אים דרך ארץ האָבען....

געקומען איז די צייט פון מלחמה. אַ שרעקליכע צייט פאַר אַלע פעלקער, און נאָך שרעקליכער פאַר אידען: דען אַ איד געהט שלאָגען אַ אידען פון אַן אנדער לאַנד, זיינעם אַ ברודער, און ער ווייסט ניט אפילו פאַרוואָס! מען שיקט אים, און ער געהט, ער מוז געהן! — אזוי האָט גע'טענה'ט יאָסעלע'ס מוטער און זיך געשראָקען מען זאָל ביי איהר חלילה ניט צונעמען איהר יאָסעלע, איהר אויג אין קאָפּ, איהר נשמה.

און יאָסעלע'ס מאַמע האָט ניט געשלאָפען גאַנצע נעכט, נאָר געוויינט און געקלאָגט, אויסגעווייקט די קישען אונטער איהר קאָפּ.

טאַטע־מאַמע האָבען געקלערט און געטראַכט מיט זיפצען און קרעכצען, ווי מען רעטעט זייער איינציגען זון פון אַ זיכערען טויט? וואָס פאַר אַ ווערטה האָט זייער לעבען אז יאָסעלע וועט גענומען ווערען אין שלאַכט?...

דער פאָטער האָט געהאַט אַ טענה.

— דו האָסט אים נאָך אזוי אויסגעפלעקעט, אז ער קוקט אויס ווי אויף פינף און צוואַנציג יאהר.

— קיין עין הרע! — האָט די מוטער אָפּגעשפּראָכען און אנגעקלאַפּט אין טיש און אויסגעשפּיגען, עס זאָל אים קיין בייז ניט שאַטען.

— איך האָב אַן עצה — האָט דער פּאַטער געזאָגט — נאָר איך האָב מורא פאַר דיר, דו וועסט ניט וועלען.

— לאָמיך הערען, אפשר איז עפּעס דאָ אַ הילף?

— יאָ, אַ הילף איז פאַראַנען, אָבער אביסעל שווער.

— נו לאָמיך שוין הערען!

— ער זאָל אוועקפאָהרען קיין אמעריקא צו מיין ברודער פּייוועל. ער איז שוין דאָרט פופצען יאהר און ער וועט אויף אים השגחה געבען גלייך ווי ביי דיר אין דער היים.

אין אנפאנג האָט זי זיך צואוויינט און ניט געוואָלט הערען, געהאָפט אַז די מלחמה איז נאָר אויף אַ שפּאַס. אָבער וואָס עס איז אוועק טאָג, האָט מען געערדט געשמאַקער פון דער מלחמה, האָט די אָרימע מאמע קיין ברירה נים געהאט און זיך געמוזט ענטשליסען אוועק צו שיקען איהר בן יחיד'ל קיין אמעריקא. און אזוי האָבען טאטע־מאמע מיט שלוכצען און וויינען, זיך געמוזט פאסען: איידער צו געהן אין מלחמה, איז גלייכער קיין אמעריקא, אזוי לאַנג עס איז נאך צייט.

יאָסעלען'ן איז געווען זעהר ביטער זיך צו שיידען מיט זיינע טרייע עלטערען. ער האָט געשוואָרען, אזוי ווי עס וועט נאָר זיין נאך דער מלחמה, וועט ער צוריק קומען.

אזוי איז יאָסעלע אונטער גרויסע שוועריגקייטען געקומען קיין אמעריקא צו זיין פעטער פּייוועל, וועלכער איז געווען אַ פרעסער אַלע זיינע יאהרען.

דער פעטער פּייוועל און די מומע לאה און די קינדער, האָבען יאָסעלען אויפגענומען פאַר אַ גוטען גאסט. אָבער די קינדער האָבען אויף אים געקוקט ווי אויף אַן אמעריקאנעם פרייז־פייטער, אַזאַ גרויסער, צו וואקסענער קליינשטעטעלדיגער בחור.

יאָסעלע, אַ גרינער, איז געווען צוטומעלט, ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. געקוקט אויף אַלעם ווי אַ גולם, מיט גרויסע אויסגעשטעלטע אויגען. אַלעס האָט ער באַוואונדערט, זיך גע׳חידוש׳ט ווי אַלעס איז דאָ אַנדערש: מען דאַרף ניט האַקען קיין האָלץ, טראָגען קיין וואַסער. אָבער די שפּראַך! גאָט מיינער, ווי דער „שור" האָט געקריצט אין זיינע אויערען! ער האָט עס ניט געקענט פאַרטראָגען, און דוקא האָט די מומע לאה געזאָגט אויף יעדער וואָרט „שור" וואָס זי האָט ניט געוואוסט צו ענטפערען אָדער ניט פאַרשטאַנען, האָט זי געזאָגט שור! שור!

ביים אויספרעגען וואָס עס הערט זיך, וואָס דער טאַטע טוט, וואָס די מאַמע טוט, און וואָס די גאַנצע משפחה טוט, האָבען זיך דעם פעטער׳ס קינדער ארום געשטעלט. ער האָט זיי אַלעמען באַטראַכט. דערווייל האָט זיך די מומע לאה מיט׳ן פעטער מישב געווען וואו מען לייגט דעם גאַסט שלאָפען, ווייל ביים פעטער זיינען געווען אַכט אייגענע קינדער, און אַז ער איז צוגעקומען, זיינען זיי שוין צונד עלף מענשען אין דריי רומקעס. נאָר מען האָט זיך אַן עצה געגעבען.

אַז יאָסעלע איז אָפּגעווען אַ וואָך צייט ביים פעטער פּייוועל, האָט ער קיין גרויסען נחת ניט געהאַט אין דער ענגשאַפט און אָרימקייט. ער וואָלט אנטלאָפען צוריק אהיים ווען ניט די מלחמה, נאָר דאָ איז אים צו הילף געקומען דעם פעטער׳ס אַ מיידעל, חוה׳לע. חוה׳לע, אַ מיידעל פון צוואַנציג יאהר, אַ לעבעדיגע, אַ פרעהליכע, שוואַרצע פינקעלדיגע אויגען און חן גריבלעך, האָט אים פאַר־כשוף׳ט און ער איז דאַן צופרידען געווען מיט אַלעמען.

דער פעטער האָט יאָסעלען מיטגענומען אין שאַפּ און אים געמאַכט פאַר אַן אונטער־פרעסער. ער האָט גיך איבערגענומען די מלאכה און אין אַ פּאָר וואָכען צייט איז יאָסעל געוואָרען אַ ריכטיגער פרעסער. ער האָט אָנגעהויבען צו פאַרדינען שעהן געלט,

ער האָט זיך שעהן אויסגעפּוצט, געוואָרען א ספּאָרט. חוה'לע, אָרער עוועלין, האָט אים איבעראל געפירט, אלעם געצייגט, שנעל האָט ער זיך אויסגעלערענט די ענגלישע שפּראך פון דער גאס, צווישען פּעטער'ס קינדער. יאָסעלע האָט זיך פאַרליבט אין עוועלען איבער די אויערען, געווען גליקליך אז ער איז מיט איהר געגאַנגען. אין זיינע טרייע עלטערען האָט ער כמעט פאַרגעסען, אזוי איז ער געווען פאַר'שכור'ט מיט דער ליבע. ער האָט געליבט היים און ליידענשאַפטליך, נאָר ווי א פּראָווינציאַלער יונגערמאַן קען ליבען. חוה'לע האָט גענטפערט אויף זיין ליבע. דאַריבער האָט ער כמעט פאַרגעסען וואו ער איז אין דער וועלט. די מלחמה האָט אויסגעבראָכען מיט דער גאַנצער קראַפט, קיין בריף זיינען ניט געקומען, האָט ער זיך געטרייסט אז זיינע עלטערען מוזען זיין צופרידען וואָס ער איז גערעטעט.

לאַנג האָט דער פּעטער פּייוועל ניט געלאָזט ארום געהן די פאַרליבטע, ניט געוואָלט וואַרטען.

— זאָל אביסעל גרוימער ווערען אין הויז — האָט געזאָגט דער פּעטער. — א לעבען מאַכען קען ער, פאַרדינט גענוג צו זיין זעלבסטשטענדיג.

נו איז יאָסעל געוואָרען אין א גוטער שעה א באלעבעסעל: איינגעפּיקסט דריי רומס און געווען צופרידען און גליקליך.

חוה'לע איז געווען א גוט ווייב, אים אווירט, אָבער ווי אלע יונגע פרויען אין אמעריקא, האָט זי א סך מאָל פאַרגעסען צו מאַכען סאַפּער, שטעהענדיג אין סטריט מיט'ן קינד און קערידזש. דאַן פלעגט זי זיך דערמאָנען און אויף גיך עפּעס ארויף נעמען פון דעליקאַטעסען סטאָר פאַר סאַפּער.

אין דער מלחמה צייט האָט יאָסעל פאַרדינט שעהנע געלט. ער איז געווען א גוטע האַנט, און באָסעס האָבען זיך ממש איבער אים געריסען.

יאָסעל איז פון דער נאַטור ניט קיין שלעכטער, און פאַר זיין חוה'לען איז גאָר ניט געווען צו טייער! געמאַכט, געקויפט די שעהנסטע קליידער מיט הוטען; געגאַנגען אין טעאַטער, צו בעלער, געלעבט און געלאַכט.

אַ גאַנצען זומער איז חוה'לע אין קאַנטרי. זי איז געוואָרען שעהנער און געזינטער. זיי האָבען שוין צוויי קינדערלעך, דאַרף מען דאָך אודאי פאָרען אין קאַנטרי! זיינען אָבער מיט צוויי קינדערלעך די אויסגאַבען גרעסער. האָט יאָסעל אנגעהויבען צו קאַרגען. ניט געגאַנגען עסען אין רעסטאַראַנט, נאָר עפּעס ארויף גענומען, עס זאָל קאָסטען ביליגער, און אָפּקומען אַ סאַפּער.

ער איז געווען גליקליך ווען חוה'לע האָט געשריבען אַז זי האָט שוין צוגענומען צעהן פונט, און די קינדער זיינען געוואָרען ווי די פּאַפּושקעלעך. ער האָט זיך געפרעהט, אָבער ער האָט ניט באַמערקט דאס ער האָט מעהר פאַרלאָרען ווי זיין חוה'לע האָט צוגענומען.

אזוי פלעגט יעדער יאהר חוה'לע פאָהרען אין קאַנטרי מיט די קינדער און ווערען וואָס פעטער און פעטער, און יאָסעל איז וואָס אַ יאהר אַרונטער און ארונטער פון די קרעפטען, שטעהענדיג זומער אין די היצעןביים פּרעס אייזען. אהיים קומענדיג אין די ליידיגע שמוציגע רומס נאָך אַ שווערען טאָג ארבייט, אליין, איינזאַם, פלעגט ער זיך אוועק לייגען, אפילו ניט קענען זיך אויפהויבען צו ברייננגען עפּעס עסען, איינשלאָפען אָהן אַ מאַלצייט, אַ פאַרטריקענטער, אַ פאַרשמאַכטער, אָפּשלאָפען די נאַכט און ווידער געהן צו דער שווערער ארבייט ביים אייזען, ביז ער איז געוואָרען אין גאַנצען ענטקרעפטיגט.

די מלחמה האָט געסאַטפּט דאַנקען גאָט. עס קומען נייע מענשען, נייע הענט, די אלטע זיינען שוין ניט אזוינע גרויסע מיוחסים, מען קען שוין גיכער קריגען גרינגע וואָס ארבייטען פאַר

ביליגער ביז זיי גרינגען זיך אויס. דער יקרות איז גרויס, וויפיעל מען פארדינט, קומט מען קוים אויס. חוה'לע איז געוואוינט צו פירען א שעהנעם לעבען, און יאָסעל איז ניט אימשטאנד אזויפיעל צו פארדינען, אָבער זאָגען וויל ער איהר ניט. ער טרייעט צו ווערען אַן אפערייטאר, ביי דעם וועט ער אפשר מעהר פארדינען, ווייל חוה'לע האָט אים פאָרגעוואָרפען אז אפערייטארס פארדינען שטיקער געלט און ער האָט זיך פארלייגט צו שטעהן ביים אייזען גלייך ווי איהר פאָטער.

— זי איז אפשר גערעכט. — האָט ער געטראכט. — וואָס, ער איז דען א קריפעל? פארוואָס זאָל ער ניט קענען זיין אַן אַפערייטאר?

האָט זיך חוה'לע געקריוודעט, אַז אַלע מאכען זיך שוין פארטיג פאר דער קאָנטרי, און זי דארף א סך זאכען איינקויפען.

— ניט געזאָרגט, חוה'לע, דו וועסט אויך פאָרען און וועסט אַלעס האָבען. — ער איז אוועק און געליהען א פאָר טאָלער, געגעבען חוה'לען זי זאָל פאָרען אין קאָנטרי.

חוה'לע איז מיט די קינדערלעך ווידער אין א גוטער שעה אין קאָנטרי, און יאָסעל ארבייט און שיקט יעדע פעני פאר איהר מיט די קינדערלעך. פאר זיך בלייבט אים קוים די וואָך איבער צו קומען, ווייל ער פארדינט ווייניג, ער קען ניט ארבייטען, און ארבייט ווייניג אויס. ער האָט זיך צוגעקיהלט און הוסט. ער איז געוואָרען הויט און ביינער, נאָר די גרויסע צואוואקסענע ביינער זיינען אים געבליבען.

און חוה'לע איז נאך אין קאָנטרי. זי טרייעט ניט מעהר פעט צו ווערען, ווייל זי קען שוין קוים געהן אויף איהרע פיס.

און יאָסעל קען אויך קוים שלעפען זיינע פיס....

# דער אידעאַל

מאשא רײנהארץ און איהרע דרײ פרײנדינען זײנען רוסישע נימנאזיסטקעס, אלע אינטעליגענט און זעהר באלעזען. אין דער הײם האבען זײ געטרוימט פון עפּעס גרויסעס, האבען זיך מיט אידעאלע שטרעבונגען פארבעררײט פאר'ן אוניווערזיטעט, זײנען געװען מיטגלידערינס פון אײן בונד, געטאן די געװאגסטע ארבײט, אום צו באפרײען זײער לאנד פון שװערען טיראנישען יאָך, ביז זײ האבען געמוזט אנטלויפען קײן אמעריקא צו ראטעװען זײער פערזענליכע פרײהײט.

אין אמעריקא האבען זײ זיך געטראָפען מיט פיר חברים פון זײער פארטײ. אין דער הײם זײנען די יונגעלײט געװען סטו־דענטען אויף זײערע עלטערענ'ס חשבון און דא האבען זײ געמוזט בײטאג שװער ארבײטען אום צו פארדינען אויף זײער געהאלט און בײנאכט שטודירען אין סקולס.

עס זײנען אװעק עטליכע יאהר. די יונגע־לײט האבען ענדליך דערגרײכט דעם ציל פון זײער שטודירען: בלום איז געװארען א דאקטאר, גאָלדפארב — לאיער, יאנקאװיטש — דענטיסט און זײדמאן — צײטונגסרעפּארטער.

מאשא רײנהארץ איז געװען די רעכטע האנד פון דאקטאר בלום און אלע פלעגען דענקען, אז דאס איז א גלײכע פּאר. די אנדערע דרײ מײדלעך פלעגען פארברענגען מיט די איבריגע פרײנד, און אלע באקאנטע האבען שוין אויסגעקוקט, אז אט־אט װעט מען דארפען אנגרײטען חתונה פרעזענטען.

זיי פלעגען זיך אָפט צוזאַמענטרעפען ביי מאשא ריינהארץ. מאשא'ס מוטער פלעגט זיי דערלאַנגען טיי, און די קליינע גרופּע האָט געקענט אָפּזיצען שטונדען־לאַנג, דערמאָנען פארשידענע פּאַסירונגען פון דער היים, פון „בונד,“ פון יענע גוטע צייטען ווען זיי זיינען אַלע געווען איינגער, טעטיג, פול מיט לעבען און מיט אַ הייסען פארלאַנג צו ארביימען, צו דערגרייכען דעם אידעאַל.

זיי פלעגען זיך פארבענקען נאָך יענעם לעבען, און נים איינמאָל פלעגען זיי נאָך אַזאַ געשפּרעך בלייבען זיצען טרויעריג, פארטראַכט, דענקענדיג וועגען יעדער קלייניגקייט.

איינמאָל האָט מאשאַ איבערגעריסען אָט אַזאַ געשפּאַנט שטיל־שווייגען, ארויפגעלעגט אַ רעקאָרד פון אַ נייער אָפּערא־זינגערין און אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן. אַלע האָבען זיך נייגעריג צו־געהערט צו דער מוזיק. דאַן האָט זיך איבער דעם אנטוויקעלט אַ הייסע דעבאַטע.

— איי, ניטאָ די גוטע צייטען! — האָט איינע זיך אָנגערופען,
— ווען מען האָט אין רוסלאַנד אויפגעפיהרט אַ נייע פּיעסע, זיינען מיר געווען די ערשטע זי צו זעהן.

— וואָס גלייכט איהר! אין רוסלאַנד, אַז מען האָט עפּעס אויפגעפיהרט, איז געווען וואָס צו זעהן, — האָט זיך דאָקטאָר בלום אָנגערופען.

— עס איז דאָ אויך דאָ וואָס צו זעהן, — האָט געענטפערט דער צייטונגס־רעפּאָרטער, — נאָר מען דאַרף צוויי זאַכען.

— וואָס אַזוינס? — האָט געפרעגט דער דענטיסט.

— עס פעהלט אייך געלט און עס פעהלט אייך די לוסט, דער קוראַזש צום לעבען. איהר זייט אַלע אָפּגעלעבטע אינטעליגענטען, — האָט דער רעפּאָרטער מיט פאָרוואורף געזאָגט. — איהר לעבט

איבער נאָך אַמאָל דאָס זעלבע, עס ווערען ווידערהאָלט אַלטע, אויס־געדראָשענע מעשות פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר דאַרפען אריינ־ברענגען עפּעס נייעס: נייע לעבען, נייע זאַכען אין לעבען. מיר דאַרפען טראַכטען פון אַ צוקונפט. ווי לאַנג נאָך וועט מען זיך אַזוי ארומשלעפּען? איך דענק, אַז אַכט יאהר איז גענוג. עס איז צייט, אַז יעדער זאָל פאַר זיך טראַכטען פון אַ צוועק.

די מיידלעך האָבען אויפגעציטערט און יעדע האָט געוואַרט מיט הארצקלאַפּעניש אויפ'ן מאָמענט, ווען איינער פון די בחורים וועט צוקומען און בעטען איהר האנט... זיי זיינען דאָך אַלע באַקאנט פון דער היים, דערצו געבילדעט, אינטעליגענט. נאָר די יונגע לייט האָבען זיך ניט געאיילט. דר. בלום האָט זיך אויסגעדריקט:

— אַזאַ שריט מאַכט מען ניט איינס און צוויי. דאָס איז אַ שווערע אָפּעראציע און אַז עס געלינגט ניט, האָט מען צו ליידען אַלע יאהרען פון אַ קרענק...

— אודאי, — האָט דער לאָיער זיך אָנגערופען, — דאָס איז ניט אַ קיים פון אַ פּאָר יאהר פּריזאָן, דאָ קען מען פאַראורטיילט ווערען און פארלירען די פרייהייט אויף אייביג.

— אָ, דאָס קען שוין זיין אַ ביטערע ציין־רייסעניש, — האָט דער דענטיסט באשטעטיגט. — דאָס מוז לאנגזאם געהיילט ווערען.

— נעווערמיינד, — האָט דער צייטונגס־רעפּאָרטער איבער־געשלאָגען. — טאָמער איז עס ניט קיין גלאַטע געשיכטע, ברענגט מען דעם רעפּאָרט צום ריכטער, עס קומט ארויס אַ שטיקעל סענסאציע אין דער צייטונג און פאַרטיג. ניטאָ וואָס זיך צו שרעקען פאַר הייראט. איך בין דער ערשטער, וואָס האָב באַ־שלאָסען צו הייראטען.

— מיר דאַרפען עס איבערטראַכטען, — האָט דר. בלום זיך נאָכדענקליך אָנגערופען.

— איך וועל מאכען א פארשלאג, — האט דער רעפארטער אויסגערופען. — מיר וועלען מאכען א „פארטי,“ איינלאדען מעהר פריינד, וועט די שמחה זיין אינטערעסאנטער.

אזוי איז געבליבען. די מיידלעך האבען זיך פארבערייט מיט נייע טואלעטען אויף וועלכע זיי האבען אויסגעגעבען א היפש ביסעל פון זייער שווער פארהארעוועטע געלט.

צו דער „פארטי“ זיינען געקומען יונגעלייט מיט א פאר יונגע מיידלעך פון א גאנץ אנדערען סארט. דאס זיינען געווען די „פלעפערס“ — כמעט נאך קינדער, נאר וואס פון סקול ארויס, יונגע אפיס־מיידלעך מיט גאנץ קליינע פארדינסטען. אבער ווען זיי זיינען אריין אין דער רוהיגער געלאסענער געזעלשאפט, מיט זייער יונגען קלינגענדיגען געלעכטער און זייער רוישיגען, הילכיגען פלאפלען, מיט די רויטע אנגעשמירטע ליפלעך, ווייסע פארפודערטע נעזלעך און מארדעלעך, מיט קורץ־געשארענע האר, אין קורצע קליידלעך אהן ארבעל און זיך נעדרעהט אויף הויכע קנאפעלעך — איז אין דער געזעלשאפט געווארען לעבעדיג. אלע זיינען אנ־געשטעקט געווארען פון זייער פרעהליכקייט, און אלע ווי איינס האבען הויך גערעדט און געלאכט מיט לעבען.

מ'האט געטאנצט, געזונגען, געשפרונגען. ביי אלעמען האבען די באקען געבלים, די אויגען געגליט ווי פייער, אלע זיינען גע־ווארען דערהיצט, און ווידער און ווידער האבען די עלטערע באיעס נעכאפט די יונגע מיידלעך צום טאנצען. ביי די יונגע מיידלעך האבען זיך די קליינע פלינקע געטאקטע פיסלעך געהויבען און געדרעהט אין פארשיידענע פיגורען און זייערע בוינזאמע קער־פערלעך האבען ניט גערוהט קיין מינוט.

די יונגע לייט זיינען געווען ווי פאר'שכור'ט פון דער געזעל־שאפט פון די יונגע בא'חנ'טע קינדער און האבען איינגאנצען פארגעסען אן זייערע שטענדיגע פריינדינען — די געבילדעטע

אינטעליגענטקעס, וועלכע האבען זיך גאנץ באשיידען געקליידט און געקוקט מיט עקעל אויף דער קליידונג און בענעמונג פון די יונגע קינדער.

שפעט ביינאכט איז מען זיך צוגאנגען. מען האט אפגעמשכט, מען זאל זיך אפט טרעפען און פארברייננגען צוזאמען מיט די נייע באקאנטע.

עס זיינען אוועק א פאר וואכען. מען האט ליב באקומען די טעאטערס אויף בראדוויי, צוליב די יונגע מיידלעך, וועלכע באזוכען אפט די לייכטע פארשטעלונגען. פון א טעאטער פלעגט מען אריין אין א רעסטאראן און עס איז צוגעגאננגען פרעהליך.

די שטימונג פון די יונגע לייט האט זיך זעהר געענדערט. פריער, אז זיי פלעגען אהיים געהן פון זייערע פריינדינען, פלעגען זיי זיך שלעפען ארויף אויף די שטיגען מיד, אפגעמאטערט פון גארניט. זייערע פיס פלעגען זיין שווער, ווי מיט בליי אנגעגאסען. איצט האבען זיי זיך געפיהלט יונג, פול מיט לעבען, דאס בלוט האט געקאכט אין זייערע אדערען און געלאפען ווי הייסע שטראמען. קומענדיג אהיים האבען זיי לאנג ניט געקענט איינשלאפען, נעשווערמט וועגען די אמעריקאנער מיידלעך, אין וועלכע עס ברויזט אויף דאס לעבען, און נאכגעדענקט ווי גוט מען האט זיך היינט אמוזירט.

— מען מוז זיי ליבען! אזוי פיעל חן, אזוי פיעל רייץ, — האט דער דענטיסט ווי אויך יעדער איינער פון זיי צו זיך גערעדט.

די יונגע פרענסיס גאלדמאן, איינע פון די „פלעפערקעס,“ איז גאנץ צוגעצויגען געווארען צו מאשא רייכהארץ. זי האט איהר ליב באקומען און איהר גערופען פריינדין. מאשא ווידער האט גארניט געהאט דאגעגען. פארקערט, זי האט אביסעל געפיהלט געשמייכעלט.

מ'האָט ווידער געטאַנצט, געשפּילט קיסינג־גיימס, און וועלכע די עלטערע אינטעליגענטקעס האָבען אויך אנטייל גענומען.

— מאשא, איך האָב עפּעס וויכטיגעס מיט אייך צו ריידען, — האָט דאָקטאר בלום זיך איין אווענט געווענדעט צו זיין אַלטער פריינדין.

מאשא איז רויט געוואָרען. זי איז געוועזען זיכער, אַז ער וויל איהר מאַכען אַ הייראַטס־פּאָרשלאַג. האָט זי קוים אַרויסגערעדט מיט אַ קלאַפּענדיג הארץ.

— אָלרייט, מאָרגען, — האָט דאָקטאר בלום איינפאַר־שטאַנען.

דעם נעקסטען אָווענט איז מאַשאַ געזעסען אַן אויסגעפּוצטע. דאָס הויז איז געוועזען צוגעקליבען פיין, זויבער. ענדליך איז דער לאַנג־ערוואַרטעטער גאַסט אָנגעקומען. זיי האָבען זיך פריינדליך באַגריסט און זיך ביידע אוועקגעזעצט ביים טיש. אַ ווײַלע האָבען זיי גערעדט וועגען דעם בוך, וואָס זי האָט געהאַלטען. נאָר באַלד איז ער צוגעקומען צום ציל פון זיין וויזיט.

— איך האָב אייך נעכטען געזאָגט, ליבע פריינדין, אַז איך האָב מיט אייך וויכטיגעס צו ריידען.

— באַלד! באַלד! איין מינוט! צוערשט וועלען מיר טרינקען טיי, עס קען אונז פון ריידען טרוקען ווערען אין האַלז, — האָט זי שמייכלענדיג זיך געוויצעלט. — עס וועט אונז זיין לייכטער, ווען מיר וועלען אביסעל אָפּנעצען דעם גומען.

און ביי זיך האָט זי געטראַכט: לאָמיר אים אַ קליין ביסעלע אויסציהען דאָס הארץ...

די מוטער האָט אריינגעבראַכט טיי מיט צוביים, און באַגריסט פריינדליך דעם טייערען גאַסט.

— זאָל גאָט געבען אין א גוטער, מזל'דיגער שעה! — האָט זי זיך געקלערט און גאָט געבעטען, איהר קינד זאָל גליקליך זיין. שוין זיך אזוי פיעל אָנגעליטען, נעבעך. שוין צייט א ביסעלע נחת. מאשא האָט איהר געזאָגט וועגען וואָס דער דאָקטאר קומט היינט, און די פרעהליכע בשורה האָט דער אַלטער מוטער אָנגעפילט מיט פרייד.

טרינקענדיג דעם טיי האָט דר. בלום אנגעפאנגען:

— ווי איהר ווייסט, ליבע מאשא, בין איך שוין קיין אינגעלע ניט מעהר. ביז איצט האָב איך טאקע דעריבער ניט געדענקט, אָבער אצינד בין איך שוין אימשטאנד צו פארזאָרגען א פאמיליע בכבוד. איך האָב באשלאָסען לענגער דאָס לעבען אזוי נים צו פארברענגען. עס איז ניט קיין פלאַן צו זיין עלענד. מיין מוטער, זאָל לעבען, איז אַן אַלטע פרוי; אין דער היים בין איך איינזאָם, עס ווילט זיך האָבען א פריינד, אַן אייגענעם, נאָהענטען פריינד. איך מוז זיצען און היטען דעם אָפיס, אפילו קיינער קומט ניט, און עס איז מיר שווער און אונאנגענעם די צייט אזוי אליין צו פאר־ברענגען...

מאשא איז געזעסען ווי אויף הייסע קוילען, צוהערענדיג זיך צו דעם לאנגען מאָנאָלאָג. זי האָט שיער ניט אויסגעשריען: „ליבער, טייערער דייוו, צו וואָס אזוינע לאנגע טענות? זאָג גלייך ארויס דאָס געוווּנשטע וואָרט.

— טייערע מאשא, — האָט דער דאָקטאר ווייטער גערעדט, — איך ווייס, אז איהר זייט מיין בעסטע פריינדין, דארום האָב איך באשלאָסען, אז איהר וועט זיין די פּערזאָן, דורך וועלכע איך קען געהאָלפען ווערען.

מאשא'ס הארץ האָט געקלאפט און ס'האָט זיך איהר געוואָלט צופאלען צו זיין ברוסט און ווינען פאר פרייד, נאָר דערוויילע האָט ער געענדיגט זיין ערקלערונג:

— נאָר איהר קענט פועל'ן ביי אייער פריינדין פרענסים נאָלדמאַן, זי זאָל מיט מיר הייראַטען...

מאשא איז געבליבען זיצען, אזוי ווי מען וואָלט איהר מיט אַ האמער אין קאָפּ אריין דערלאַנגט...

— איהר ענטפערט מיר ניט, ליבע מאשא? איהר זאָגט מיר ניט צו? אָ, ווען איהר ווייסט, ווי איך ליב דאָס מיידעל! איך בין משוגע זינט איך האָב זי דערקענט! איך האָב אָבער ניט קיין מוט מיט איהר אליין צו ריידען, איהר וועט עס צוזאָגען...

— גוט, גוט, — האָט זי לאַנגזאַם, מיט אַ הייזעריגע שטימע קוים געענטפערט, — איך וועל פּרואווען...

— אָ, איך בין אייך אזוי דאַנקבאַר! איהר פאַרשפּרעכט עס מיר?

— יא, יא...

# צוריק צו דער ארבייט

ענדליך האָט פעני דערלעבט די געווינשטע צייט, צו וועלכער מיידלעך האָפּען און שטרעבען: זי געהט סטאַפּען פון דער ארביים. זי האָט שוין געזאָגט איהר מיסעס, זי זאָל זיך זוכען עמיצען אַנדערש.

אך, ווי גליקליך זי פיהלט זיך יעצט! פון די אַלע באָיעס, וואָס פעני האָט געקענט, איז מילער דער פיינסטער — שעהן און קלוג, מיט אַלע מעלות, וואָס אַ מיידעל קען זיך נאָר ווינשען. אַ, ווי אַלע איהרע פריינדינעס זיינען איהר מקנא!

נאָר די שטיעף־מאַמע גלויבט אַלץ ניט, צי ער מיינט עס ערנסט מיט איהר. זי זאָגט, אז אפילו פעני וועט מיט אים חתונה האָבען, איז ער אויך ניט איהר גלייכען. און זי ראָט איהר, זי זאָל אים באַצייטענס אָפּלאָזען, ווייל קיינער קען אים ניט און ווייסט אים ניט. זי זאָל בעסער נעמען איהרען אַ קרוב, דעם אָרעמען אלמן. ער איז אַן עהרליכער, אַ גוטער, אַ פיינער — זאָגט זי. האַ! האַ! אַ שעהן לעבען וואָלט זי דאָס געהאַט ביי דעם גרויסען קבצן.

אָבער דער, מילער, איז גאָר אַנדערש. אך, ווי שעהן ער איז! קוקט אויס ווי אַ דאָקטאָר. אַוועקצושיקען אַזאַ חתן? ניין! אָה, זי האָט דאָך אים אַזוי ליב, אַז איהר נשמה געהט איהר אויס, ווען ער נעמט זי ארום... אָה, ווי טאָר זי גאָר אַוועקלאָזען אַזאַ גליק? ניין, אַזאַ נאַר איז זי ניט. זי וועט דער שטיעף־מאַמען ניט פאָלגען. פעני איז שוין גענוג אַלט צו פאַרשטעהן, וואָס צו טאָן.

— זי פארגינט מיר ניט דאס גליק. אט, א שטיעף־מאמע...

— טראכט זיך פעני ווייטער, — איך בין איבערצייגט אין זיין ליבע צו מיר. און ווי קען מען עס אזא מלאך מיט אזעלכע גוטע, מילדע אויגען ניט גלויבען? ווי פיין ער איז! ניט ווי די אנדערע בחורים, וועלכע איך קען, מיט זייער פראסטען באנעמען זיך געגען מיידלעך. איבערהויפט א פליים־מיידעל באהאנדלען זיי ביליגער ווי א שאפ־מיידעל. די נאראנים! א פליים־מיידעל איז אלע מאל מעהר באלעבאסטע ווי א שאפ־מיידעל און געלט האט זי אויך, זי באדארף ניט אוועקצאהלען די גאנצע הארעוואניע פאר עסען און שלאפען. און וואס זיי קריגען צו עסען פון א מיסעס! אדער מיט וואס פאר אן אפעטיט עסען די אנדערע נאך א טאג שווערער ארבייט אין שאפ אין דער פארשטיקטער לופט? און ווי קוקען זיי אויס? בלאס, מאגער, פארלירען פאר דער צייט דעם גלאנץ פון זייערע אויגען... אבער מיר, פליים־מיידלעך, זיינען פריש און געזונד. איידער די מיסעס שטעהט אויף, זיינען מיר שוין אנ־געגעסענע און אנגעטרונקענע. הא! הא! ניט אומזיסט האט זיך מילער אין מיר פארליבט. ער איז ניט בלינד... — און זי האט געקוואלען, קוקענדיג אין שפיגעל. זי האט געגלעט איהרע פעטע בעקלעך און פאנטאזירט פון איהר גליק.

זי איז געשטאנען און געווארט אויף דעם גוט־באקאנטען סיגנאל פון דעם גלעקעל. זי האט געכאפט דעם מאנטעל מיט'ן הוט און איז ארונטערגעלאפען די שטיגען.

— העלאו, פעניטשקע! וואס מאכסטו, מיין טייערע? — און מילער האט איהר א קוש געגעבען.

מיט פרייד און שטאלץ האט פעני געקוקט אויף דער מאיעס־טעטישער געשטאלט פון איהר געליבטען. זי האט זיך געגרויטעלט, ניט געהאט קיין ווערטער אים צו ענטפערען פאר אויפרעגונג. עס האט זיך איהר געדאכט, אז וואס זי וועט זאגען, וועט אלץ ניט גוט

זיין. זי האָט נאָר געשטאַמעלט אין פאַרלעגנהייט ווי איוואַן פאַר'ן פריץ...

מילער האָט זי גענומען אונטער'ן אָרעם און מיט איהר אוועק אין די געדיכטע סטריטען פאַר א „וואָק," אָנקוקען די טייערע אַנטיקען אין די גרויסע געשעפטען אין די שאָו־פענסטער.

— וואָס געפעלט דיר בעסער, מיין טייערע? א דיימאָנד רינג, אָדער גאָר דיימאָנד סקרולס? — האָט זי דער יונגערמאַן געפרעגט.

פעני איז געווען איז זיבעטען הימעל און זיך געטראַכט:

— אָט דאָ וועט דער מומען פלאַצען די גאַל, אַז זי וועט זיך איבערצייגען, אַז מילער איז אַן אָרענטליכער יונגערמאַן און מיינט מיט מיר ערנסט.

— נו, פעניטשקע? הערסט, וואָס איך פרעג דיך? וועסטו גלייכען אָט דעם דיימאָנד רינג? ער קאָסט ניט פיעל, זעהסט? בלויז אַכט הונדערט דאָלאַר. אָדער ווילסטו אפשר יענע סקרולס?

פעני האָט מיט ליבע געשמייכעלט און געענטפערט:

— איך פאַרלאָז זיך אויף דיר. דו פאַרשטעהסט זיך בעסער פון מיר אויף אַזעלכע זאַכען.

— נו גוט, — האָט ער געענטפערט, — וועסטו איצט קריגען א דיימאָנד רינג און שפּעטער וועסטו סקרולס אויך קריגען.

— אָלרייט, — האָט פעני א גליקליכע געענטפערט.

און ער האָט איהר ערווידערט מיט א ליבליכען שמייכעל און הארציג איהר געדריקט איהר האַנד, אַזוי ווי ער וואָלט איהר געדאַנקט פאַר איהר צוטרויען...

מיט א נאַכט שפּעטער זיינען זיי ווידער געגאַנגען צווישען די סטאָרס און אָנגעקוקט די טייערע פוירניטשור און דאָ ארויס־

געצייגט זייער מבינות, טרעפענדיג, ווי טייער עס קאָסט די אָהער יענע זאַך. אים איז געפעלען א טייערער בעדרום־סעט, און זי האָט געוואָלט נאָר אזא בעדרום־סעט, ווי איהר מיסעס האָט. ער האָט געלאַכט און איהר נאָכגעגעבען.

— וואָס הערט זיך? — האָט ער זי געפרעגט, — האָסט שוין געזאָגט דיין מיסעס, אז דו געהסט סטאָפען פון דער ארבייט?

— שור האָב איך איהר געזאָגט. איי, האָסט געזאָלט זעהן, וואָס פאַר א זויערע מינע זי האָט געמאַכט.

— וואָס האָט זי געדענקט? אז דו וועסט ביי איהר אייביג ארבייטען? דיינע שעהנסטע יאהרען פארברענגען אין שקלאַפעריי? נאָו, סער! יעצט וועסטו זיין א ליידי, מרס. מילער, א ביזנעס ליידי. וועסט האַלטען דינסטען גלייך מיט איהר. איך האָף, אז אונזערע ביזנעס וועלען זיין גוטע. איך האָב שוין א סטאָר אין בעסטען געגענד פון ניו יאָרק. עס וועט מיר נאָך אפשר אויספעהלען א פאָר הונדערט דאָלאר, אָבער דאָס זיינען נארישקייטען. איך האָב גענוג פריינד און באקאנטע און איך וועל מיר אַן עצה געבען... פארשטעהסט מיך, מיין טייערע? אז מען עפענט א ביזנעס, מוז מען זיין עפּעס גרויסארטיג אויפגעפיקסט, עס זאָל מאכען א גוטען עפעקט און צוציהען דאָס אויג פון קאָסטימער. אז מען געהט אין ביזנעס, דארף מען וויסען ווי צו האַנדלען, אז ניט, טויג ניט. און אזא ביזנעס איז פארבונדען מיט א סך געלד. איך האָב אפילו גענוג געלט מיינע, אָבער עס איז אויך פארשטעקט אין אַנדערע געשעפטען. נאָר זאָרג ניט, איך וועל מיר שוין העלפען.

פעני קוועלט פון נחת. אויף אזוי פיעל גליק האָט זי זיך אליין ניט גערעכנט. זי איז אזש פערוווירט און פארשטעהט כמעט ניט, וואָס ער האָט איהר דאָ אָנדערצעהלט.

— פארגעס ניט, טייערע נשמה מיינע, אז ביז א וואָך מוזטו סטאָפּען. דו וועסט מיר מוזען העלפען אין די ביזנעס. און אפילו

ביים אויפפיקסען מוז מען אויך האָבען נאָך אַ מענש אכטונג צו געבען, פארשטעהסטו מיך? — און ער האָט זי צוגעפיהרט צום הויז וואו זי איז געוועזען באַשעפטיגט, און זיך מיט איהר הארציג געזעגענט.

דאָס האָט זיך ווידערהאָלט אַ נאכט נאָך אַ נאכט.

נאָך אַ פּאָר טעג מוז פעני בלייבען ביי איהר מיסעס, ווייל די לעצטע קען ניט קריגען קיין פּאַסענד מיידעל. פעני איז שוין אונגעדולדיג און עס געהט איהר ניט איין די ארבייט. זי פיהלט זיך שטאָלץ און עס פּאַסט איהר שוין ניט צו וואשען די פלאָרס און די וועש — זי גיט ארונטער פון איהר געהאלט און נעמט צו אַ פרוי עס צו טאָן.

איין, מאָל אין אַ פריהמאָרגען, איז אין קיך אריינגעקומען אַ יונגע פרוי און זיך נאָכגעפרעגט אויף פעני זילבער.

— ווער זייט איהר? און וואָס באדארפט איהר?

— איך וויל זעהן פעני זילבער.

— איך בין פעני. וואָס פארלאַנגט איהר?

— איך וועל אייך באלד זאָגען, צו וואָס איך בין געקומען. נאָר זאָגט מיר צוערשט: איהר געהט אוים מיט אַ יונגען מאַן, מעקס מילער?

— יעס, — ענטפערט פעני שטאָלץ, — קענגען וואָס פרעגט איהר?

—איך וועל אייך שוין זאָגען, — רופט יענע אוים אויפ־גערעגט, — איהר זאָלט וויסען, מיסס זילבער, אַז ער איז אַ באַטריגער, אַ גנב, ער וועט אייך בארויבען און אָפּנארען, דאַן וועט ער אוועק און איהר וועט אים אין די אויגען ניט זעהן.

— ניט אמת! — שרייט פעני מיט כעס, — ווי וואגט איהר

צו באליידיגען מיין חתן? נעהמט אייך פון וואנען איהר זייט גע־קומען.

— איהר גלויבט ניט? איך קען אים בעסער פאר אייך און איך ווארען אייך און זאג אייך, אז עס איז אמת!

— ניין, ניין! — שרייט פעני נאך העכער, — איהר זאלט ניט וואגען א ווארט צו ריידען, ווייל איך וועל אייך ארונטער־ווארפען פון אלע שטיגען!...

— דאן וועט איהר שפעטער חרטה האבען, ווען איהר וועט זיך איבערצייגען. אבער עס וועט זיין צו שפעט...

— פון וואנען קענט איהר אים? — פרעגט שוין פעני א ביסעל געלאסענער.

— אט אזוי פרעגט. בעסער וואלט איך אים ניט געקענט. איך בין אויך געווען אזוי איינגעגלויבט אין אים און אזוי גענארט, פונקט ווי איהר.

מיט וואס האט ער אייך גענארט? — האט פעני געפרעגט און געציטערט ווי אין פיבער. — איז ער מיט אייך אויסגעגאנגען?

— ניט נאר אויסגעגאנגען. ער איז מיין געזעצליכער מאן!

— אייער געזעצליכער מאן?! — האט פעני מיט א שוואך קול איבערגעפרעגט.

— יא, מיין מאן, און איך זוך אים ארום. איך האב א ווארענט אים צו ארעסטירען.

מיין גאט! — האט פעני פארבראכען מיט די הענט. — זאל דאס מעגליך זיין?

— ליידער איז עס מעגליך, און מיר זיינען ניט די ערשטע פארנארט און פארפיהרט צו ווערען פון די באטריגער מיט זייערע קינצליכע גלאטע צינגלעך.

— וועה! וועה! — האָט פּעני געוויינט, — ער האָט מיך אומגליקליך געמאכט! ווי דער ערנסטער מערדער האָט ער גע־האנדעלט.

— אומגליקליך מיידעל! — האָט די יונגע פרוי מיט באַ־דויערען געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — אזוי ווייט האַלט עס מיט אייך? אזוי ווייט האָט איהר זיך געלאָזט נאַרען? איי, איי, ווי קורצזיכטיג אונזערע מיידלעך זיינען! זיי זעהען ניט ווייטער פון זייער נאָז...

— וואָס מיינט איהר? — האָט פּעני איבערגעפּרעגט.

— איך ווייס? איך זעה אָן אייער קלאָגען, אז ניט אומזיסט...

— איהר מאכט א מיסטייק... אין דער באַציהונג איז ער א דזשענטלעמען...

— נו וואָס דען זייט איהר אזוי אומגליקליך? אזא סחורה וועט איהר נאָך קריגען.

— אָבער מיין געלט! מיין שווער פאַרהאָרעוועטעס געלט! — האָט פּעני געקלאָגט.

— איי, געלט איז ניט אלעס. זייט צופרידען. איך בין מעהר אומגליקליך. מיך האָט ער רואינירט פאַר'ן גאנצען לעבען. און ווער ווייס, וויפיעל נאָך ער האָט פאַראומגליקט.

— מיין געלט! מיין גאנץ פאַרמעגען! מיינע פינף הונדערט דאָלאר! — האָט פּעני געקרעכצט מיט א ריהרענדער שטימע און אפילו ניט געהערט וואָס יענע האָט גערעדט. — ווער האָט געזאָלט וויסען? ער האָט געזאָגט, אז ער געהט אין ביזנעס, האָט מיר געהייסען סטאָפּען פון דער ארבייט.

— נו, גענוג צו קלאָגען, לאָמיר בעסער זיך פאַראייניגען און אים זוכען צו ארעסטען.

אוןביידע זוכען אים נאָך ארום, און ווער ווייס וויפיעל נאָך פרויען עס זוכען אים ארום.

---

פעני איז ווידער געבליבען ביי דער ארבייט. זי האָט גע־בויגען איהר קאָפּ פאר'ן שיקזאַל און אָנגעהויבען צו שפּאָרען אנדערע געלט. פריהערדיגע מיידעלשע חלומות האָבען זי נאָך ניט פארלאָזט, און זי האָפט אויף איהר אמת'ן באַשערטען.

# אַ שוועסטער'ס אָפּפער

אין אַ האלב־איינגעפּאַלען שטיבעלע איז געזעסען אַ בלאַסע מיידעל ביי אַ מאַשין און גענעהט ווייסע וועש. נאָך אַ פּאָר טאָג צו פּסח און זי האָט נאָך אַ סך ארבייט אויסצוענדיגען און אַלעמען צופרידען צו שטעלען. זי ארבייט אָהן אַן אָפּשטעל, גלייך זי אליין וואָלט די מאַשין געווען.

— מירעלע, געה עסען! — האָט די מוטער געבעטען, — אַ גאַנצע נאַכט געאַרבייט אויף דער מאַשין, דו וועסט דאָך אוועק־פאַלען אַז דו וועסט אַזוי שווער ארבייטען און ניט עסען. זעה, ווי דו קוקסט אויס, וועה צו מיינע יאָהר! — האָט זיך די מוטער ווייטער באַקלאָגט, קוקענדיג אויף מירעלען מיט באַדויערען.

מירעלע'ס מוטער איז געווען אַן איידעלע, שוואַכע אידענע, אַ הוסטענדיגע, און מירעלע האָט זעהר געציטערט פאַר דער מוטער'ס געזונד. און ווען די מוטער האָט זיך געבעטען ביי מירעלע'ן, זי זאָל געהן עסען, האָט די טאָכטער איהר מיט אַ ליבען שמייכעל באַרוהיגט, זי זאָל זיך ניט ערגערען וועגען איהר.

מירעלע איז ניט געווען קיין שעהנהייט, אָבער אַ קלוגע, ליבע מיידעל, אַ גוטע נשמה. אַלע האָבען זי ליב געהאַט. זי איז געווען אַ כלה מיט חיים בער דעם סטאָלער'ס זוהן. פישעלע דעם סטאָ־לער'ס איז געווען אַ שעהנער, געזונטער בחור, אַ גוטמוטהיגער, און אַ גוטער בעל־מלאכה — אַ שלאָסער, אַ פאַרדינער. פון דעסט־וועגען האָבע אַלע באַקאַנטע געזאָגט, אַז פישעלע איז אין אַ הייבעל געבאָרען געוואָרען, אַז ער קריגט מירעלע דעם מלמד'ס פאַר אַ ווייב.

מירעלע האָט פון איהר ארבייט אויסגעהאַלטען די מוטער מיט אַ קליינער שוועסטערל, סאָניע, וועלכע איז געגאַנגען אין שוהלע אריין. מירעלע האָט געוואָלט, אַז סאָניע זאָל ניט זיין אַזאַ פּראָסטע ווי זי איז, זאָל ניט פיהלען, אַז זי איז אַ יתומה, אַז דער טאַטע פעהלט איהר.

פישעלע פלעגט איהר אַ סך ארויסהעלפען אין דער פרנסה, ווייל ער האָט געזעהן, ווי שווער זי פּלאָגט זיך ביי דער מאַשין, אום אויסצוהאַלטען די קליינע פאַמיליע.

מירעלע איז געווען גליקליך און אפילו ניט געפיהלט די שווערע ארבייט, ווען זי האָט געזעהן איהר שעהנעם חתן. „אַ ליבער, גוטער מענש,“ — פלעגט זי טראַכטען און ווען זי האָט געזעהן זיינע בלויע, מילדע אויגען, פלעגט איהר הארץ ווערען אנגעפילט מיט גליק און פרייד.

ער פלעגט איהר אַלע מאָל טרייסטען און איהר געבען זיסע האָפנונגען פאַר אַ שעהנער צוקונפט און זאָגען, אַז אין גיכען וועט זי אויפגעבען די ארבייט ביי דער מאַשין און זי וועט ווערען אַ בעל־הבית'טע מיט אַלע אַנדערע גלייך. זי האָט געוואוסט, אַז ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ היבש ביסעל געלט און אַז ער האָט זיך געקליבען אויפצובויען אַ שעהן הויז אויף דעם פּלאַץ, וואו עס שטעהט דאָס קליינע צובראָכענע הייזעל. ער וועט קויפען שעהנע מעבעל, — פלעגט ער איהר זאָגען, — און זי האָט געקוואָלען פאַר נחת און געקושט אים אויס דאַנקבאַרקייט און ליבע. דען ליב האָט זי אים געהאַט אָהן אַ גרענעץ.

און ער האָט איהר פאַרגעטערט פאַר איהר ליבליכקייט און איהר חכמה. און זיינע טאַטע־מאַמע האָבען זי אויך זעהר ליב געהאַט, נאָר אויף איהר פאַראיבעל געהאַט, וואָס זי ארבייט אויף דער שוועסטער. זיי פלעגען צווישען זיך ריידען, אַז סאָניע איז

געזינטער פאַר מירעלע'ן און זי וואָלט שוין געמעגט אליין זיך פאַרזעהן.

סאָניע איז געווען פון דער נאַטור אַ פרעהליכע און אַ צו־לאָזענע. זי פלעגט ארומטאַנצען ווי אַ יונגע ציג און ווען פישעלע פלעגט אריינקומען, פלעגט זי אויף אים ארויפשפרינגען, זיך אנהענגען אן זיין קארק און ניט וועלען זיך אָפּטשעפּען, ביז ער האָט איהר ניט געגעבען אַ פּאָר גוטע קניפּ אין איהרע רויטע, פּוכקע באַקען. דאַן פלעגט זי זיך צולאַכען אויפ'ן קול, טרילערענ־דיג ווי ארבעסלעך, און ארויסלויפען, שפּרינגענדיג ווי אַ ציגעלע. ער פלעגט איהר נאָכלויפען, זי כאַפּען, איהר איינבייסען אין פּעטען האלז און זאָגען:

— נאַ, אָט האָסטו, זאָלסט מיך ניט רייצען!

מירעלע פלעגט זיך בעטען: — פישעלע, לאָז איהר אָפּ, די נאַרישע ציג!

ווייל קיין גרויסע חכמה איז סאָניע ניט געווען, דעפאַר איז זי אָבער געווען זעהר שעהן, כמעט רייצענד. גרויסע שווארצע ברענענדיגע אויגען, אַ שווארצער לאַנגער צאָפּ, מיט אַ רויטער סטענגע איינגעפלאָכטען, וואָס האָט זיך ווי אַ שלאַנג געוואָרפען ביז ארונטער איהר טאַליע, און מיט איהר קלינגענדיגען געלעכטער האָט זי אַלעמען גערייצט, און רייצען זיך האָט זי ליב געהאַט.

מירעלע'ן פלעגט עס פאַרדריסען, אָבער זי פלעגט זי ווי אַ געטרייע מוטער פאַרענטפערען: — זי איז נאָך אַ קינד. ווען זי וועט עלטער ווערען, וועט זי קליגער ווערען.

— זי איז ניט קיין קינד, — פלעגט די מוטער פאַרדריסליך זאָגען, — זי איז שוין פופצעהן יאהר אלט. אין איהרע יאהרען האָסטו שוין לאַנג געארבייט און ארויסגעהאָלפען דעם טאַטען, אַ מליץ יושר זאָל ער דאָרט זיין.

— זי וועט נאָך צייט האָבען צו ארבייטען, זי איז נאָך יונג, לאָז איהר צורוה, זאָל זי נאָך א ביסעל טאַנצען.

עס זיינען נאָך אוועק צוויי יאהר. מירעלע איז נאָך אַלץ געזעסען, געארבייט און געהאָפט און געוואַרט אויף איהר גליק. פישעלע פלעגט ווי געוועהנליך קומען, אָבער פון א חתונה האָט ער ניט גערעדט. זי האָט אויסגעקוקט, ער זאָל איהר שוין זאָגען: — מירעלע, גענוג געארבייט, מיר וועלען אָפּשמועסען פון א חתונה...

אָבער לײדער האָט ער געשוויגען. די מוטער האָט א פּאָר מאָל אנגעהויבען צו ריידען דערפון, אָבער ער האָט אַלץ געהאַט א תירוץ און אָפּגעלעגט אויף שפּעטער. די מוטער פלעגט זיך אָפּ־זיפצען און קלערען: — א ברירה האָב איך?

פון דער שווערער ארבייט איז מירעלע געוואָרען מאָגערער, און אויף איהר פּנים האָבען זיך געצייגט שפּורען פון די זאָרגען, וואָס זי האָט געהאַט אריבערצוטראָגען.

סאָניע האָט נאָך אַלץ ניט געארבייט, ניט ארויסגעהאָלפען — די הענט האָבען זיך איהר ניט געלעגט צו דער ארבייט. די מוטער פלעגט זאָגען, אז דורך דער מויד איז מירעלע אומגליקליך, אז מירעלע וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבען, אז פישעלע האָט מורא צו ריידען פון א חתונה, ווייל ער וועט דאַרפען שלעפּען די לאַסט צו פאַרזאָרגען א שוויגער מיט א שוועגערין.

דער מוטער האָט עס זעהר געקרענקט. דאַן האָט זי באַ־מערקט אז פישעלע געהט ארום עפּעס א צוגעלעגטער. דער תמיד פרעהליכער בחור איז געוואָרען פלוצלונג אומעטיג, דער שמייכעל איז פאַרשוואונדען פון זיין פּנים. ער האָט וועניג גערעדט און נאָר ערנסט. און צו ביסלעך האָט זי אָנגעהויבען צו זעהן, אז ער מיידט אויס צו ריידען מיט מירעלע'ן. זי האָט געפיהלט, אז דער בחור טוט זיך אָן א כח צו קומען אין שטוב אריין. דאָס האָט איהר אנגעהויבען שרעקען.

— ווער ווייסט, וואָס עס וועט נאָך זיין? אַ קשיא אויף אַ מעשה, וואָס אַ יונגענמאַן קען איינפאַלען? אפשר האָט ער נאָר חרטה אויפ'ן שידוך?

מירעלע איז אַזוי געוועזן פאַרנומען מיט דער ארבייט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי באַמערקט עס אפילו ניט. די אַלטע האָט באַשלאָסען זי וועט מיט אים שמועסען, מירעלע זאָל ניט וויסען. זי האָט אים אָפּגעוואַרט און מיט אים גערעדט אָפענע דבורים: ער זאָל זאָגען דעם אמת, וואָס איז געשעהן?

פישעלע האָט זיך מודה געווען, אַז ער ליבט גאָר סאָניע'ן, ניט מירעלע'ן. נאָר אַזוי ווי ער וויל מירעלע'ן ניט קרענקען, וועט ער אוועקפאָהרען, ביז זי וועט חתונה האָבען מיט אַן אנדערען, און ער וועט וואַרטען אויף סאָניע'ן.

ווען די אַלטע האָט דאָס דערהערט, איז זי שיער אוועק־געפאַלען אין חלשות, אַזוי האָט עס איהר פאַרקלעמט ביים האַרץ. זי האָט געוואָלט פּראָטעסטירען, שרייען: מערדער! רויבער! וואָס האָסטו געמאַכט פון מיינע קינדער? אָבער זי האָט איינגעזעהן, אַז די זאַך איז צו ערנסט, צו דעליקאַט. דער בחור האָט אויס־געקוקט ווי דערשלאָגען און איז פאַר איהר געשטאַנען מיט טרערען אָנגעפילטע אויגען. זי האָט מיט אים מיטלייד געקראָגען און גאָרניט געקענט ענטפערען.

מיט אַ טאָג שפּעטער איז פישעלע געקומען זיך געזעגענען און איז אוועקגעפאָהרען אין אַן אַנדערע שטאָדט ארבייטען. פאַר מירעלע'ן האָט ער געזאָגט, אַז דאָרט וועט ער בעסער פאַרדינען. זי האָט עס אנגענומען פאַר אַ תירוץ, אָבער זי האָט זעהר געבענקט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געוויינט און ניט געקענט שלאָפען. די מוטער האָט געהערט ווי זי דרעהט זיך און שלאָפט ניט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי ליגט און וויינט.

די מוטער איז אויך ניט געשלאָפען, ווייל דער וועהטאג איז איהר געוועזן זעהר גרויס. ווי זאָגט מען עס דער אומגליקליכער מיידעל? זי וועט עס ניט אויסהאלטען. אויסגעארבייט, אויס־געמאטערט, און היינט... פארלירען דעם לעצטען שטראהל פון האָפנונג אויף גליק. זי האָט זיך געמאטערט און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. זי האָט מורא געהאט, מירעלע וועט אוועקפאלען, חלש'ען, שטארבען, און ווער ווייסט נאָך וואָס? און די בושה? איין שוועסטער ביי דער אנדערער? וואָס וועלען מענשען זאָגען? וואָס זי האָט דערלעבט — צוויי פיצלעך קינדער און אזא נחת. זי האָט געזיפצט און ניט געקענט שלאָפען.

סאָניע איז אויך ניט געשלאָפען. זי האָט אלצדינג געזעהן און פארשטאנען. זי איז מקנא איהר שוועסטער, ווייל יענע איז פריי צו בענקען, צו קרעכצען און וויינען, וועהרענד זי מוז אונטער־דריקען די גרעסטע שמערצען.

גאנץ פריה איז די מוטער צוגעקומען צו מירעלע'ס בעט מיט א בלייך פנים און פול מיט צער. מירעלע האָט דערשראָקען ארויס־גערופען:

— מאמע, וואָס איז דיר?!

— גאָר ניט, שרעק זיך ניט, ליבע מירעלע, ס'איז גאָר ניט...

— אָבער ווי דו קוקסט אויס! ביסטו קראנק?

— ניין, קינד מיינס, נאָר א ביסעלע ערגערניש האָט מיך אזוי אָנגעגריפען.

— ערגערניש? פארוואָס?

גאָר ניט, שרעק זיך ניט. זיי געפאסט, מיין קינד. איך האָב דיר זעהר אן ערנסטע זאך צו דערצעהלען.

מירעלע האָט זיך אויפגעהויבען פון בעט און מיט שרעק געפרעגט דער אויפגערעגטער מוטער, וועלכע איז געשטאַנען און זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען.

— נו, לאָז מיך הערען! וואָס האָט פּאַסירט?!

— באַרוהיג זיך, מירעלע טייערע, זיי געפּאַסט. דאָס וואָס דו וועסט הערען, איז ניט אזוי פרעהליך, אָבער דו מוזט עס וויסען.

— איך בין רוהיג, לאָז מיך הערען. איך בין געפּאַסט אויף דאָס ערגסטע, חלילה.... — און דערביי האָט זי געציטערט ווי אין אַ פיבער. — נו לאָז מיך שוין הערען!...

— זאָלסט וויסען, קינד מיינס, אַז פּישעלע איז אוועקגע־פאָהרען ניט ווייל ער האָט דאָרט בעסערע פּאַרדינסטען... — און זי האָט זיך פּאַרהאַקט און ניט געקענט ענדיגען.

— נו, ווייטער, ווייטער, רעד דאָך, אום גאָטעס ווילען! וואָס האָט פּאַסירט מיט פּישעלע'ן?!

— שרעק זיך ניט, עס איז אים גאָרניט...

— נו, לאָז מיך הערען דעם סוף! נו, נו... — האָט זי געדרינגען אויף דער מוטער ארויסצוקריגען, וואָס עס האָט גע־טראָפען.

— גוט, גוט, איך וועל דאָס דיר זאָגען, דו מוזט עס דאָך וויסען, פריהער אָדער שפּעטער, איז דאָך אַלץ איינס — האָט די מוטער געזיפצט.

— נו, זאָג שוין! — האָט מירעלע ארויסגעשריען, — דו מאַכסט מיך משוגע! לאָז מיך הערען!

— פּישעלע איז אוועק, ווייל ער וויל ניט חתונה האָבען... — האָט זי קוים ארויסגערעדט.

— וואס הייסט, ער וויל ניט חתונה האבען? — האט מירעלע איבערגעפרעגט, ניט פארשטעהענדיג.

— ווייל ער וויל אן אנדערע...

— אן אנדערע?... — האט מירעלע מיט שרעק געפרעגט און זיך אנגעשפארט אן בעט אום ניט אנידערצופאלען, ווייל עס האט איהר פארקלעמט ביים הארץ. זי האט דערפיהלט א שמערץ, אזוי ווי עס וואלט איהר אין הארצען עפעס געפלאצט און עפעס זיך אפגעריסען. עס האט זיך איהר אפילו געדאכט, אז זי האט געהערט דעם ריס אין הארצען.

— נו, בארוהיג זיך, טייערע מירעלע, דו ביסט דאך א קלוגע מיידעל, — האט די מוטער געוויינט און זי געגלעט, זעהענדיג, וואס פאר א טויטע בלאסקייט עס האט איהר פנים באדעקט.
— נו, זיי געפאסט, מיין ליבע, מיר מוזען זיך בעראטען.

— וואס איז זיך דא צו בעראטען, אז ער וויל מיך נים?
— האט זי מיט וועהטאג אויסגערעדט. — ער האט דאך אודאי יענע אנדערע ליב. וואס קענען מיר דען דערצו העלפען? עס איז דאך פארפאלען... — האט זי שטיל ווי צו זיך ארויס־גערעדט. — איך האב מיין גוטען פישעלע'ן פארלארען. יא, אויף אייביג פארלארען... — און גרויסע טרערען זיינען ווי א האגעל געפאלען פון איהרע אויגען.

— אבער דא איז נאך א צרה... — האט די מוטער איבער־געשלאגען איהרע געדאנקען.

— וואס קען נאך זיין א גרעסערע צרה?

— ווייל די אנדערע איז ניט קיין פרעמדע...

— ווער איז יענע אנדערע? ווער איז די גליקליכע צו האבען פישעלע'ס ליבע?

— יענע אַנדערע, מיין ליבע מירעלע::: אה, איך האָב ניט דאָס הארץ דיר צו זאָגען, ווייל איך האָב מורא דו וועסט עס ניט איבערהאַלטען... — האָט די מוטער געקרעכצט — וועה איז צו מיינע יאהרען, וואָס איך האָב דערלעבט! צוויי פּיצלעך קינדער, און איינע די אַנדערע זאָל אומגליקליך מאַכען!....

— האַ? ! סאָניע'ן מיינסטו?!

— יאַ... — האָט די מוטער אַ נייג געטאָן מיט'ן קאָפּ און ניט געקענט ענטפערען, ווייל איהר אָטעם איז געוואָרען פאַרשטיקט פון שלוכצען. זי האָט מירעלע'ן ארומגענומען, זי געקושט און געגלעט אום זי צו באַרוהיגען.

מירעלע איז אַ ווײַלע געבליבען זיצען ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען. נאַכדעם האָט זי זיך ווי אויפגעכאַפּט און געזאָגט:

— זיי רוהיג, מאַמע, איך בין גאַנץ געפאַסט. זאָל פישעלע קומען און חתונה האָבען מיט סאָניע'ן.

— וואָס זאָגסטו, מירעלע? — האָט די מוטער מיט שרעק געפרעגט, ווייל עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז מירעלע איז אַראָפּ פון זינען.

— דאָס וואָס דו הערסט, ליבע מוטער. מיר טאָרען פישעלע'ן ניט פאַרלירען...

די מוטער איז געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט און געקוקט אויף דער פאַרצווייפעלטער מיידעל.

— אה, מאַמע, מאַמע, דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ בחור דאָס איז... איך האָב אים גוט דערקענט דורך די פיער יאהר, וואָס איך בין זיין כלה געוועזען. פיער לאַנגע יאהר בין איך מיט זיין ליבע גליקליך געוועזען.... ער איז אַ מלאך... ער האָט אַ בריליאַנטען הארץ... אַזעלכע בחורים דאַרף מען זוכען... אָבער אַז ער האָט מיך ניט

ליב, קען מען אים ניט צווינגען. מן הסתם איז עס פון גאָט...
אָבער אַז מיר איז יעט באַשערט אים צו האָבען פאַר אַ מאַן, זאָל
אים מיין שוועסטער האָבען...

— טאַקע זעהר אַ פיינער, גוטער מענש, אַז נאָך פיער יאהר
פון זיין אַ חתן וואַרפט ער דיך אַוועק... — האָט די מוטער מיט
פאַרדרוס גערעדט.

— מאַמע, ער איז דער בעסטער בחור ביי אונז אין שטעדטעל.
אַזאַ חתן קען סאָניע ניט קריגען. געה, שרייב פישעלע'ן, ער זאָל
קומען און איך וועל אים מוהל זיין.

— מיין קינד! מיין הארציג קינד, וואָס פאַר אַ גוטער מלאך
דו ביסט! — און די מוטער איז צוגעפאַלען צו איהר מיט אַ געוויין
און זי געקושט. — יאָ, קינד, קינד מיינס, מיר מוזען אננעהמען,
אַז עס איז פון גאָט. ער פיהרט די וועלט און ער וועט דיר צו־
שיקען דיין רעכטען... וואָס קענען מיר העלפען? — האָט זי איזהר
געטרייסט.

— נו, גוט, גוט! דאָס וועלען מיר שפּעטער זעהן, — האָט
זי שנעל גערעדט, ניט גלויבענדיג אין פוסטע האָפנונגען. —
אצינד געה, וועק אויף סאָניע'ן, זאָל זי אויפשרייבען אַ בריף צו
פישעלע'ן ער זאָל קומען.

— איך קען ניט, איך קען ניט! — האָט זיך די מוטער
געבעטען.

— נו, געה איך אליין! — האָט מירעלע געזאָגט גאַנץ גע־
פאַסט. זי איז צוגעקומען צו סאָניע'ס בעט, וואו זי איז געלעגען
איינגעקאָרטשעט אונטער'ן צודעק, ווייל זי איז ניט געשלאָפען און
אַלץ געהערט, וואָס די מוטער מיט דער שוועסטער האָבען גערעדט,
און זיך געשראָקען פאַר די פּאָלגען.

— סאָניע, דו שלאָפסט? — האָט מירעלע געפרעגט מיט א געלאַסענער שטימע.

סאָניע האָט זיך ניט גערירט. זי האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער און די צייהן האָבען ביי איהר געקלאַפּט. אָבער זי האָט זיך געמיהט צו בלייבען רוהיג און גלייכגילטיג.

— סאָניע, דו שלאָפסט? — האָט מירעלע מיט א העכערען טאָן געפרעגט. — שטעה אויף, איך האָב מיט דיר וואָס וויכטיגעס צו ריידען.

סאָניע האָט זיך אַלץ ניט גערירט.

— נו, שטעה אויף! איך זעה אז דו שלאָפסט נים. האָב ניט מורא, איך וויים שוין אַלץ...

סאָניע האָט געעפענט די אויגען און מיט שרעק געקוקט אויף איהר שוועסטער.

— שטעה אויף און שרייב א בריף צו פישעלע'ן. זאָל ער קומען! שרייב אים, אז איך וויים אַלצדינג. זאָל ער קומען. ער האָט ניט געדאַרפט אנטלויפען פאַר מיר, דער נאַר... וואָס האָט ער מורא פאַר מיר? איך וועל אים ניט נאָכלויפען און איך וועל אייך ניט שטערען אין אייער גליק. אז ער האָט מיך ניט ליב, קען איך אים ניט צווינגען מיך ליב צו האָבען!...

— איך קען ניט שרייבען, — האָט סאָניע שטיל ארויסגערעדט מיט שרעק, דען אויך זי האָט געמיינט, אז די טרויעריגע נייעס האָבען מירעלע'ן פון זינען גערירט.

— דו קענסט ניט? — האָט מירעלע זי געפרעגט מיט באַרדרוס. — נו, געה איך אליין צו אים שרייבען, אז ער זאָל קומען.

און זי האָט אויפגעשריבען א קורצען בריף און עס דערלאַנגט

סאָניע׳ן, זי זאָל עס אוועקשיקען. סאָניע האָט זיך מעהר ניט געקענט באהערשען. זי איז צוגעפאלען צו מירעלע׳ן מיט א געוויין און אויסגערופען:

— אָה, טייערע שוועסטער מיינע! ווי קען איך דאָס טאָן צו דיר?! דו ביסט דאָך מיין טאַטע, מיין מאַמע, מיין ערציהערין! מיין אלץ אויף דער וועלט! דו האָסט פאר מיר אַזוי פיעל יאהרען געארבייט מיט דיין בלוט און שוויים, מיך געשיקט אין שוהלע אריין, און היינט זאָלסטו דורך מיר זיין אומגליקליך? ניין! איך וויל עס ניט. גיב מיר דעם בריף, וועל איך עס צורייסען. אַז ער וויל דיך, זאָל ער קומען; אַז ניט, איז ניט! זאָל ער ניט קומען. איך וועל זיצען מיט דיר שוועסטער, איך וועל דיר העלפען ארבייטען. מיר וועלעןביידע ליידען פאר איין מאַן, און ביידע וועלען מיר זיצען און אויפהאַלטען אונזער מוטער מיט אינזער ארבייט, ווי לאַנג מיר וועלען לעבען.

— ניין, שוועסטער, דאָס טאָר ניט זיין. דאָס דאַרף ניט זיין. פישעלע איז אַ צו גוטער יונגערמאַן, מיר זאָלען אים פאר־לירען. מיר קענען אים ניט פארלירען. דו וועסט מיט אים זיין גליקליך. אַז מיר איז ניט באַשערט....

— אַ, שוועסטער, ווי וועל איך קענען לעבען מיט פישעלע׳ן אין דיינע אויגען, אין דיין געגענוואַרט? איך ווייס דאָך, אַז דו ליבסט אים...

— ניט געזאָרגט, שוועסטער, נאָך איידער פישעלע וועט קומען, וועל איך אָפּפאָהרען קיין אמעריקא צום פעטער בעריל, און דאָרט, אין יענעם געבענשטען לאַנד וועל איך זוכען אויסצוהיילען מיינע שמערצען...

און סאָניע איז אוועק אָפּצושיקען דעם בריף צוריקצורופען איהר געליבטען פישעלע...

# פאַרניכטעט פון שטורם

אין עק פון דאָרף וואו עס האָבען זיך געענדיגט די גערטנער מיט די פרוכט בוימער, איז פאר די פיס געלעגען פארשפרייט א וואונדערבארע לאַנדשאַפט. ברייטע פעלדער מיט תבואה און קארטאפעל, און אנדערע פארשידענע געוויקסע איינגעזייט, וועלכע זיינען געוועזן א פראַכט אנצוקוקען.

פון צווישען די בוימער האָט זיך באוויזען א פרויען געשטאַלט, א הימלישעס וועזען. די צווייגען פון די בוימער האָבען געבויגען זייערע קעפּ מיט עהרע און ליבע; די פייגעלעך האָבען מיט שרעק אפּגעטראָטען זייער פּלאַץ פאר דער געטליכער באשעפעניש.

א זיבעצען יאהריגע, הויך געוואקסענע מיידעל, מיט גאָלד בלאָנדע לאָקען, העל בלויע אויגען, ראָזע באקען, פריש ווי פון מאָרגען טוי. זי האָט געטראָגען א ביליגע, ווייסע, פריש געפּרעסטע קליידעל מיט א שירמעל אין איהר קליין ווייס הענטעל. אלס זי האָט זיך געלאָזט געהן צווישען די פעלדער, איז איהר אקעגען געקומען אַן אלטער גרויער מאַן. דער איז געוועזן א דייטש מיט'ן נאמען טשערנאק, מען האָט אים גערופען טשערנאק דער שוסטער. אים האָבען אלע געקענט אלס לאַטוטניק, און ער האָט געקענט יעדער קינד פון דאָרף, צו יעדען איז ער געוועזן א פריינד, מיט יעדען א גוט וואָרט גערעדט, ער איז געוועזן א קלוגער, אלטער מאַן. אלס ער האָט די מיידעל באגעגענט, האָט ער זי מיט פרייד באגריסט ווי אַן אלטען קאמראד:

— גוט מאָרגען, בלומען געטין!

— גוט מארגען, הער טשערנאק! — האט זי לאכענדיק געענטפערט. — עפּעס האט איהר מיך געקרוינט מיט א שעהנעם נאמען!

— מיין עהרענווארט! די בלומען מעגען זיך שעמען נעגען דיר, שעהנער מלאך!

— א, הער טשערנאק, עפּעס האט איהר זיך צולאזט מיט קאמפּלימענטען, גאר ווי א יונגער קאוואליער!

— און איך זאג, אז איך טרייב ניט איבער. די שעהנסטע רויזען מעגען זיין דיינע געזעלען.

— איך וואלט גערען אנגענומען זייער געזעלשאפט — האט זי לאכענדיג געענטפערט.

וואו־זשע געהסטו שעהנע ראזעלע?

— צו מיין גראסמוטער.

— און איך וואלט דיר געראטען זאלסט געהן צוריק אהיים, ליבע קינד.

— פאַרוואס, הער טשערנאק?

— פאַרוואס? ווייל זעהסט, פון איסטען איז דער הימעל לויטער און העל, גלייך ווי דיינע שעהנע אויגען, און פון וועסט קלייבט זיך א וואלקען, — האט ער איהר געצייגט — און דאס מיינט א שטורם. און איך ווייס ניט אויב דו וועסט אריבער דעם „אדוועך" פאר'ן שטורם.

איך מוז דא באשרייבען דעם אדוועך וואס איך וועל דא שילדערען.

דאס איז געווען אזא טיפער וואסער וועלכער האט אנגעמאכט א שרעק אויף דער גאנצער געגענד. אלע ארום זיינען איינגעבילדעט

אַז דער אדוועך האָט קיין גרונד ניט. די גאַנצע טיפּעניש פאַרנעמט אַ קורצע שטרעקע. ביי איין זייט פון „אדוועך" ציהט זיך ווי אַ פלאַכע לאַנן זעהר גוטע פעלדער, דיזע פעלדער רופט מען „דעמבנע." זומער אַז מען שטעלט זיך אויף דעם אדוועך און מען קוקט אריבער אויף די איינגעזייטע פעלדער, איז עס אַ וואונדערבאַרע פאַנאראמע, אַ שעהנערעס לאַנדשאַפט קען מען ניט זעהן אפילו אין איטאַליען. די פעלדער זיינען גלייך און פלאַך ווי אַן אויסגעשפּרייטער בלומען פאַרביגער דיוואַן, מיט אַ הויכען ברעג ווי אַ קרוין. ארום שלענגעלט זיך דער גוט באַקאַנטער „סטרי" וואַסער, און ריִנגעלט ארום די גאַנצע פלעכע. דיזע בילד צו זעהן פון בוירג, איז פונקט ווי אַ בריליאַנט געפּאַסט אין אַ גאָלד ראַם. פון צווייטען זייט אדוועך, ציהט זיך גלייך ארויס פון וואַסער אַ ווייסע סקאַלע, גלאַט ווי אַ וואַנט און הויך, קוים מיט'ן אויג צו דערזעהן איהר שפּיץ. אויף דער שטיינערנער סקאַלע וואַקסען פאַרשידענע טייערע פרוכט בוימער, פאַרשידענע נים, טעע, און נאָך פאַרשידענע געוויקסען. נאָר קיין מענש האָט נאָך דערפון ניט גענאָסען, ווייל מען קען ניט צוקומען, און אַלעס געהט אין וואַסער אריין. עס טוט וועה דאָס האַרץ צו זעהן די טייערע פרוכטען וואָס פאַלען אראָפּ, פונקט ווי אַ מענשליכע קינסטליכע האַנט וואָלט עס פאַרפלאַנצט.

אויבען אויף דער סקאַלע פיהרט אַ וועג פון איין דאָרף צום צווייטען. נאַטירליך איז דער וועג ניט אַזאַ זיכערער. אָט פאַר דעם אדוועך האָט דאָס דער אַלטער דייטש געוואַרענט דאָס יונגע מיידעל.

די מיידעל האָט זיך דערפון אויסגעלאַכט. דען אין אמת'ן איז געוועזן אַ הערליכער, שעהנער טאָג. די זון האָט געשיינט מיט איהרע הייסע שטראַהלען, נאָר אַלעמאָל האָט עס אָפּגעקיהלט מיט אַ ווייך ווינטעלע, אַן ערפרישונג. די פעלדער זיינען געוועזן באַזעצט מיט ארבייטער צווישען די גרינע בליהענדע קאַרטאָפעל,

און אנדערע ארבייטער אין די רויטע פאטשיילקעס פארבונדען אויף הינטען ווי די עקען האבען געפלאטערט ביי זייערע שנעלע באוועגונגען מיט דער „מאטיקע“ שארענדיג די ערד און מאכענדיג לאנגע בראסדעס צווישען די שורות קארטאפעל. פון איבעראל איז געוועזען צו הערען זייערע פעלד־לידער, זייער געזאנג מיט זייער פרעהליכען, לוסטיגען געלעכטער. ביי איין זייט פון וועג האט זיך געצויגען די פעלדער, פון דער צווייטער זייט, דאס קלאהרע, ריינע וואסער, ווי קרישטאל, און יעדע מינוט טוב'לען זיך די פיש אין די זונען שטראהלען, שפרינגענדיג איבער דער אויבערפלעכע. דאס איז א הערליכער איבערבליק. דער שטאדט מענש האט קיין באגריף פון דער נאטור'ס פראכט.

— איך זאג דיר, ליבעס קינד, געה אהיים! א שאד דיין שעהן קליידעל מיט דיין שירמעל, און טאקע דיינע גאלדענע לאקען. אז הערשעל וועט זעהן דיינע לאקען רואינירט, וועט עס אים קרענקען. — און ער האט געשמייכעלט.

— א, הער טשערנאק, וואס רעדט איהר עפעס פון הערשלען! וואס געהט מיך אן הערשעל? — האט זי רויטלענדיג זיך פערשעמט געענטפערט.

— פאר מיר דארפסטו זיך ניט שעמען, איך בין אן אלטער מאן. אבער דו ווייסט דאך אז פאר דעם אלטען טשערנאק איז קיין סוד ניטא! הערשעל'ס באבע האט עס מיר דערציילט, אז הערשעל האט דיך האלט. עס איז קיין סוד נישט. נאר דאס איז גאר קיין וואונדער אז ער האט דיך האלט, דען ווער קען ניט ליבען אזא ענגעל מיט אזוי פיעל מעלות? האט זי אליין צוגעגעבען. פון דעסטוועגען ווייסט זי ניט צי די פאמיליע וועט דערלאזען ער זאל נעמען א מיידעל אהן געלט, ווייל מען רעדט אים מיידלעך מיט געלט.

— און הער מיין קינד וואס איך וועל דיר זאגען — זעהענדיג

ווי זי איז בלאַס געוואָרען און טרויעריג — גלויב מיר, ער איז דיך נישט ווערט! ער איז אַ רויער, פּראָסטער יונגערמאַן אָהן אַ פּאַך. זיין ביסעל האַנדלען, איז בלויז שווינדעל. קיין פאַרדינער, און דערנאָך איז ער שטאָלץ, גיב אים געלט! פאַרוואָס? דו בעסער פאַרגעס אים. דו ביסט יונג, דיר וועט גאָט העלפען אַ בעסערען!

— יאַ פאני טשערנאַק, עס איז גוט צו האָפען גאָט וועט העלפען. אַדערוויל בליהט די בלום אָפּ, און יעדער וויל נאָר געלט. אַז קיין ליבע איז אויך קיין הילף, דאַן אויף וואָס זאָל מען האָפען?

— ניט אַזאַ שעהנע בלום ווי דו ביסט, האָט צו זאָרגען. — האָט ער זי געוואָלט טרייסטען.

— יאַ, מען זאָל מיך לאָזען אַוועק אין די גרויסע שטעדט, דאָרט שפּילט שעהנהייט אַ ראָלע, אָבער ניט ביי אונז אין דאָרף....

— זאָג עס ניט, קינד! אַ שעהנע מיידעל אליין אין אַ גרויסע שטאָדט ווערט פערלאָרען, נאָך ערגער ווי אין דער פּראָווינץ.... — אַזוי האָבען זיי זיך צושיידט.

זי איז אַוועק ווייטער צום אַנדערען דאָרף, און טשערנאַק איז אַוועק אַהיים, פאַרשוואונדען אונטער די בוימער.

זי איז געגאַנגען פאַרטיפט אין געדאַנקען. דער אַלטער האָט איהר האַרץ פאַרוואונדעט. עס האָט איהר געדריקט ביז צום וויינען.

— ניט שוין־זשע ווייסען זיי אַלע? — האָט זי געשעפּטשעט. — זיי ווילען ניט דערלאָזען. געלט, גיב זיי געלט, וואו נעמט מען עס? אָבער זיי ווייסען שוין....

— וואו איז זיין שבועה? זיין ליבע? מיט וויפיעל שבועות האָט ער דאָס געשוואָרען, אַז ער ליבט מיך; וואָס פאַר האַרציגע און פייערדיגע ליבע ער צייגט אַרויס!

— נו, איך בין אויך א מבין אז ער איז ניט קיין שעהנהייט, קיין גרויסער פארדינער, קיין געלערענטער, און איך ליב אים דאָך! דאָס הארץ, די געפיהלען, ווילען קיין רעכענונג, עס ליבט און גענוג!

— אוי, טייערער הערשעלע, עס וואָלט געווען שרעקליך דיך צו פארלירען! מיט וואָס קען איך זיך איבערנעמען? נו גוט, אלע זאָגען איך בין א שעהנע. אָבער אַן אָרימע, עלענדע מיידעל, מיט וואָס קען איך שטאָלצירען?

— יא, איך האָב זיך דערמאנט! ערגעץ אין טיף געבירג איז דאָ א מיידעל מיט א גרויסע ירושה. זאָל דאָס מעגליך זיין אז הערשעל וועט מיך אויסבייטען פאר געלט און נעמען אַן אלטע מויד? מען זאָגט, זי איז שוין אפשר דרייסיג יאהר און זעהר א העסליכע. — עס האָט זיך איהר ניט געוואָלט גלויבען. אָבער טיף אין איהר הארצען האָט גערעדט א שטימע: — אָרימע קינד, ער נארט דיך אָפּ! גלויב אים ניט! — און א טיפער זיפץ האָט זיך ארויס געריסען פון איהר יונגער ברוסט. אָבער זי האָט זיך געוואָלט צו שטרייען און אנגעפאנגען אונטערצוהאלטען די ארבייטער אין פעלד. זי האָט געהאלטען דעם טאָן גלייך מיט זיי, און אין הארמאָני, און זייערע שטימען האָבען זיך אויסגעמישט. זי האָט אנגעריסען ווילדע פעלד־בלומען און זיך געמאכט א בוקעט. אפּגעגאנגען א האלבען וועג, האָט זיך אנגעהויבען צו כמארען. זי האָט עס ניט באמערקט, נאָר זיך געוואָלט צו שטרייען, פארטרייבען דעם געפיהל פון צווייפעל געגען איהר געליבטען הערשעל׳ן. די פייגעלעך זיינען אומרוהיג געפלויגען זוכענדיג זיך וואו צו בעהאלטען פאר דעם קומענדען שטורם.

אלס זי איז געקומען נאהענט צום אדוועך (א בארג) האָט זיך דער הימעל אין גאנצען באדעקט מיט א דיקע כמארע. זי האָט א קוק געטאָן צום הימעל און דאָס הארץ האָט זיך ביי איהר פאר־קלעמט און א זיפץ האָט זיך ארויס געריסען, מיט דעם אויסרוף:

— א פּנים אז מען ווערט עלטער, כמארעט זיך...

און מיט אלע קרעפטען האָט זי געשפּאנט ארויף בארג און נעהאָפּט דעם בארג אריבער צו לויפען, אָבער וואָס אמאָל האָט אנגעהויבען צו רעגענען שטארקער און שטארקער און ביז זי איז געקומען ארויף אויפ'ן שפּיץ בארג האָט זיך געלאָזט א גרויסער גראָבער רעגען מיט דונערען און בליצען, און דאָ איז זי אין א ווילדער געגענד, ניטאָ זיך וואו צו באשיצען. זי איז דורך געווייקט געוואָרען. דאס זונען שירמעל האָט זי ווייניג באשיצט פון דעם שטארקען רעגען. זי איז געלאָפען מיט אלע קרעפטען. א פּאר־סאָפּעטע איז זי געקומען ביז אויף דעם שפּיץ בארג פון אדוועך, און מיט פרייד דערזעהן אויף א בערגעל איבער דעם וועג איז געשטאנען א יונגע בוימעל מיט געדיכטע גרינע בלעטער ווי א א גרויסער שירם און אונטער דעם בוימעל איז געווען טרוקען. שנעל ווי א יונגער האָז איז זי ארויף אויף דעם בערגעל און שוין געשטאנען אונטער דעם בוימעל, טיף אָפּגעאטעמט. זי האָט באקוקט איהר קליידעל און שירמעל. עס האָט איהר לייד געטאָן אויף דעם שאָדען, און ווי וועט זי קומען צו דער באבען אין אזא נאס, צוקניימשטע קליידעל? אָבער לאנג האָט זי זיך ניט געדארפט זאָרגען, דען אין דער מינוט איז געשעהן, אוננאטירליכעס שרעקליכעס:

א דונער! א קלאפּ!! א זעץ!! און....

פארניכטעט איז געוואָרען דאס יונגע בוימעל און באגראָבען אונטער זיך דאס יונגע מיידעל....

גלייך האָט אויפגעהערט צו דונערען, צו בליצען; גלייך האָט זיך געשטעלט דער רעגען; ווידער האָט געשיינט די זון גלייך עס וואָלט גאָרנישט געשעהן, און מעהר האָט זיך נישט געדארפט צו קוועלען די אָרימע, אומגליקליכע פאר איהר צוקונפט...

